# אַלע ווערק פֿון י. ל. פּרץ

## אינהאַלט פון די 18 בענדער

# פון פאַרלאַג „יידיש"

דער קליינער און יונגער יידישער אַרגענטינער קיבוץ איז אַ דאַנק דער שוידערלעכער יידן־אויסראָטונג זינט אויגוסט 1939 געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע יידישע ישובים אין דער וועלט. דער יידישער וועלט־חורבן האָט אונדזער ישוב דערהויבן און אים אָנגעטון אַ טראַגישן און גרויסן זכות.

אַ זכות גייט ביי אונדז זייט שטענדיק אָן האַנט ביי האַנט מיט חוב. פאַר דעם גרויסן טראַגישן חוב איז אונדזער ישוב אַ סך, אַ סך שולדיק. און פאַרלאַג „יידיש", וואָס איז אין דער פאָרעם אַ פריוואַטע אונטערנעמונג און אין תוך געהער ער צום גאַנצן ישוב, שטרעבט צו באַצאָלן אַ קליינעם טייל פון די חובות, וואָס דער ישוב איז שולדיק.

דורך דעם פארלאג „יידיש" וועט דער אַרגענטינער יידישער ישוב אָנהויבן העלפן אויפבויען דאָס דאָזיקע, וואָס דער שונא האָט חרוב געמאַכט.

און נישט אומזיסט הייבן מיר אָן מיט אונדזערע קלאַסיקער! דאָס דאָזיקע לעבן, וואָס מענדעלע, פרץ און שלום־עליכם האָבן באַשריבן וועט מען שוין מיט קיין טאַנקען אויך נישט אויסמעקן.

און ווען דער צאָרן וועט זיך ענדיקן און אייראָפּע וועט זיך נעמען באַנייס אויפבויען און מען וועט דאָרט נעמען אויפבויען אויך דעם יידישן שארית הפליטה, וועט דער אַרגענטינער ישוב דורך דעם פאַרלאַג „יידיש" שיקן די ביכער פון די קלאַסיקער פאַר די ערשטע פון סניי אויפגעבויטע יידישע ביבליאָטעקן.

פאַרלאַג „יידיש" הייבט אָן מיט אַלע ווערק פון י. ל. פרץ, ווייל בעצם האָט פרץ געראַטעוועט דאָס מאָדערנע יידישע לעבן פון אַ שריפה, וואָס האָט עס געוומען אַרומכאַפּן פון אַלע זייטן. פרץ איז אַריין אין פייער אַריין פון השכלה און אַסימילאַציע און ער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם סאַמע עיקר פון דער באַדראָטער יידישקייט. די ערשטע ווערק וואָס מען וועט אַריינשטעלן אין אַ באַנייטער יידישער ביבליאָטעק פון אייראָפּע, מוזן זיין פון י. ל. פ ר ץ !

## י. ל. פרץ

# אלע ווערק

מיט בילדער, פאקסימילן, געקליבענע פערזענלעכע בריוו און

ביאָגראַפישע שטריכן פון יעקב באָטאָשאַנסקי

פאַרלאַג „יידיש“

פון וואָלף ברעסלער און אברהם מיטלבערג

בוענאָס איירעס 1944

# אינהאלט:

זייט

זייט



יעקב דינעזאָן, פּרץ און שלום-עליכם
(וואַרשע, זומער 1914)

# אין געמויזעכץ



מאָל איז זיך געווען א געמויזעכץ. —

עס איז זיך געשטאַנען גאַנץ אַפּאַרט; אָפּגעטיילט פון דער רעשט לאָנקע (ווו בהמות האָבן זיך געפּאַשעט און יונגע באַס־טוכער מיט שטיינער געוואָרפן), מיט הויכן שאַוער און שאַרף־שפּיציקע דערנער, און אָפּגעזונדערט פון דער לופט — מיט א פּעט־בלישטשענדיק־גרין הייטל. וואָס דער ווינט צערייסט אמאָל אין א יאָר. — געלעבט אין געמויזעכץ האָבן (ווי דער סדר־עולם איז) גאַנץ קליינע ווערעם, וואָס האָבן געגעסן — נאָך קלענערע.

דאָס געמויזעכץ איז — נישט לאַנג, נישט ברייט און אפילו נישט טיף. די ווערעמלעך האָבן עס נאָר דעם פּעטן שליים, די וואַסער־גע־וויקסן און די פוילע צווייגלעך צו פאַרדאַנקען, אויב זיי קענען דאָס גע־מויזעכץ נישט דערגרינדן, נישט צושווימען צו׳ן א ברעג.

די געמויזעכץ־געאָגראַפיע שלאָפט דעריבער נאָך אין וויג.

פאַר דאָס האָט די געמויזעכץ־גאווה שוין לאַנג אָפּענע אויגן: די פאַנטאַזיע איז אונטערן פּינצטערן הייטל ביי דער גאַנצער ממשלה און ביידע צוזאַמען שפּינען און וועבן.

און מיט דער צייט האָבן זיי אויסגעשפּונען א מסורה פון קדמונים, אַן אמת ווערמיקע טראַדיציע:

„דאָס געמויזעכץ איז דער ים־הגדול!"

„אין אים גיסן זיך אריין אַלע פיר טייכן פון גן־עדן... דער חדקל ברענגט מיט מיט זיך דאָס גאָלד — דאָס איז דער שליים, אין וועלכן עס שטעקט זייער פרנסה — און די רעשט דריי טייכן ברענגען בלומען — דאָס זענען די וואַסער־געוויקסן, צווישן וועלכע זיי שפּילן זיך אין באהעלטעניש אין אַ יומא־דפגרא — פּערל — אַלע זשאַבע־שיסעלעך און קרעלן — די פאַרפוילטע צווייגלעך"...

„דאָס גרינע הייטל, די פאַרפּעצטע יאַרמולקע איבערן געמויזעכץ,

איז דער ה י מ ל איבערן ים־הגדול! אן עקסטרא באזונדער הימל פאר זייער וועלט!"

שטיקלעך אייער־שאָלן, וואָס האָבן זיך דאָרט פארבלאָנדזשעט, שפּילן די ראָלע פון שטערן און מיט פארפוילטע דיניע האָט מען יוצא געוועזן פאר דער זון...

די שטיינער, וואָס פלעגן אמאָל ארייַנפאלן דורך די פאסטוכער, זענען — גאנץ נאטירלעך — געוועזן אבני־אלגביש־שטיינער, וואָס דער הימל ווארפט זינדיקע לייט אין קאָפּ אריין און, אז דער הימל האָט זיך געשפּאָלטן, און עטלעכע שטראַלן פון דער אמתער זון האָבן אָפּגעשרפעט א ווערעמדיקן מוח, האָט מען געפילט און געגלויבט אין גיהנום!

נאָר — ווייל האָט זיך געלעבט אין געמויזעכץ! ווו יעדער איז גע־וועזן פון זיך און מיט אלע צופרידן! ווער עס ווינט אין ים־הגדול איז שוין בטבע א פיש! איין ווערעמל פלעגט דאָס צווייטע רופן: שלייען, העכט! אויף מצבות פלעגט מען קריצן: קראָקאָדיל און לויתן! „פלאָטקע" איז געוועזן די גרעסטע באלײדיקונג, פאר „קעלבקים" האָט מען זיך יום־כפּור נישט מוחל געוועזן! דערביי האָבן געבליט: אסטראָנאָמיע, פּאָעזיע און פילאָזאָפיע ווי די רויזן!

די שטיקלעך אייער־שאָלן האָט מען געציילט ביז מען איז דערגאַנ־גען, אז מען קען זיי נ י ש ט איבערציילן...

ראָמאַנטיקער האָבן די „פמליא של מעלה" אויף טויזנטער אופנים באזונגען; דערביי פלעגט מען פּאַטריאָטן פארגלייכן צו שטערן, שטערן צו דאַמען־אויגן און די דאַמען אליין צום הימל, אויב נישט נאָר צום גיהנום; די פילאָזאָפיע האָט באזעצט די פרומע געשטאָרבענע נשמות אין דער פוילע דיניע אריין...

קורץ — עס האָט גאָרנישט געפעלט! דאָס לעבן האָט געהאט אלע פארבן פון רעגן־בויגן! מיט דער צייט האָט מען צוגעמאַכט א קאָדעקס מיט הונדערטער פּירושים, עס האָבן זיך אריינגעפירט טויזנטער מינהגים! און אז א ווערעמל האָט זיך פארגלוסט עפּעס א שינוי, איז גענוג געווען, עס זאָל זיך דערמאָנען, וואָס די „וועלט" וועט זאָגן דערויף — עס זאָל רויט ווערן, חרטה קריגן! און תשובה טון!

נאָר... איינמאָל איז א חורבן געשען!

עס איז דורך א סטאַדע חזירים!

שרעקלעכע פיס האָבן צעטראָטן דעם הימל, צעקנאָטן דעם שליים,

צעריבן די קרעלן, צעמאַרשטן די בלומען... און פון דער גאַנצער אָפּגע־זונדערטער „וועלט" אַ תוהו ובוהו געמאַכט!

טייל ווערעם זענען טיף אונטערן שליים געשלאָפן (און ווערעם שלאָפן לאַנג), זענען זיי טאַקע ניצול געוואָרן... אַז זיי זענען צוריק ארויף איז שוין דער הימל צוריק צוזאַמענגעשוואומען, זיך צוריק צונויפגע־קלעפּט... נאָר — גאַנצע הויפן דערדריקטע, דערשטיקטע און צעטראָטענע ווערעם זענען געלעגן אָן קבורה, און טויטערהייט עדות געזאָגט אויפן חורבן!

וואָס איז דאָ געשען? פרעגן די פּעפּער דערשראָקן, און זוכן אַ לעבנדיקע בריאה, וואָס זאָל זיי קענען דערקלערן די סיבה פון דער שרעק־לעכער מגיפה. נאָר נישט לייכט איז צו געפינען אַ לעבעדיקע בריאה! דען נישט לייכט איז איבערצולעבן אַ הימל! ווער עס איז נישט צעטראָטן געוואָרן, איז געשטאָרבן פאַר שרעק; ווער עס איז נישט געשטאָרבן פאַר שרעק, איז געשטאָרבן פאַר ווייטיק; די רעשט האָבן זיך אליין דאָס לעבן גענומען... אָן הימל איז אָן לעבן!

איינער איז אפילו יאָ געבליבן לעבן, נאָר, קוים האָט ער זיי דער־ציילט, אַז דער הימל, וואָס זיי זעען אצינד, איז גאָר אַ נייער פון דער נאָדל! אַז יענעם הימל האָבן חיות צעטראָטן; אַז ער האָט זיי געזאָגט, אַז ווערמיקע הימל לעבט נישט אייביק... אַז אייביק, קען זיין, לעבט נאָר דער אלגעמיינער הימל, — האָט מען באַלד דערקענט, אַז ער איז אראָפּ פון זינען.

מען האָט אים מיט גרויס רחמנות געקאָוועט און אין דול־הויז ארייגעשיקט.

---

# א קעלבערנער קל־וחומר

— דער דין איז: הכל שוחטין — זאָג איך א קאלב — על־פי־דין מעגן אלע שעכטן; מען דאַרף קיין סמיכה נישט פון גאונים, קיין בריוו פון רבנים, מען דאַרף גאָרנישט, — ווער עס וויל מעג שעכטן.

— שקר — ענטפערט מיר דאָס קאלב — מען דאַרף זיין דערצו א ייד א למדן, מען דאַרף גוט קענען הלכות שחיטה, מען דאַרף קענען פּרווון דעם חלף אויף דער צונג... אויך מוז מען זיין פרום, אויסגעוווייקט אין מקווה, דערצו ערנסט מאַכן די ברכה און פארגלייזן די אויגן.

— האָסט א טעות, קאלב, עס איז א בפירושע משנה? הכל־שוחטין;

— ניין — האלט זיך דאָס קאלב שטאָל און אייזן ביי זיינעם, — נאָר אן אמתער שוחט און — דווקא נאָר אין שעכט־הויז!

עס איז קיין וווּנדער נישט, וואָס ער זאָגט; ער האָט עס פון דער מוטער גערשנט, מיט דער מילך געזויגט. איך האָב זיין מוטער, די צנועה, געקענט; א חנעוודיקע בריאה: און א פרומע; זי האָט שטארק געגלויבט אין השגחה פּרטית... איך האָב געזען ווי זי איז, גייענדיק אין גאַס, גלייך אויף א דישעל ארויפגעקראָכן, ווי דער דישעל האָט איר די געדערעם דורך דער פּלייצע ארויסגעזעצט; איך האָב געזען, ווי זי האָט געגאָסן הענגענדיק אויפן דישעל, און געהערט, ווי זי האָט ביי יציאת־נשמה געזאָגט: —

— אָרעמער דראַנג! צי ווייסטו נישט, אז מען טאָר נישט שלאָגן?!

נאָר איר קלוג קאלב זאָגט נאָך, אז עס איז א קל־וחומר, און דאָס ווייס איך שוין נישט, ביי וועמען ער האָט גענומען; און ער מיינט עס ערנסט מיטן קל־וחומר:

— מה־דאָך — זאָגט ער — מה־דאָך א הונט, וואָס מען קען נישט קוילען אויף כשר, וואָס איבער זיין פליש מאַכט מען נישט קיין ברכה, וואָס פון זיינע ביינער מאַכט מען נישט קיין גאָלדענע יויך, וואָס פון זיין פעטס מאַכט מען נישט קיין קוגל, וואָס פון זיין פעל מאַכט מען נישט קיין יריעות צו'ן א ספר־תורה, בפרט קיין תפילין־מעור־אחד... מה־דאָך — זאָגט ער — א הונט, וואָס טויג אינגאַנצן נאָר אויף ריצן־אייל, טאָר אים קיינער נישט אָנרירן, נאָר א יי ן היצל און דווקא פאַרטאָג, ווען דער עולם שלאָפט נאָך, איך — על אחת כמה־וכמה?!

# ה ע כ ט



כבוד יום־טוב האָט מען לעבעדיקע פיש געקויפט. אין אַ גרויסע, גרין גלעזערנע שיסל, אָנגעפילט מיט וואסער, ליגן צוויי גרויסע העכט און אַביסל ווייטער, אין אַ שווארצער ערדענער שיסל ליגן אַ פּאָר קליינע קאַרפּן.

דער עולם קומט נישט פון ים ארויס, נאָר דאָך פון אַ געררוימיקן טייך, און עס איז זיי ענג אין שיסל.

די אָרעמע קליינע קאַרפּן אין דער שווארצער ערדענער שיסל האָבן שוין לאנג פון איר געוווסט! זיי ליגן שוין אַ גוטע שעה אויפן זייגער און קלערן! וואָס דאָס קען זיין פאַר אַ תפיסה, און זיי האָבן צייט צו קלערן! איידער די קעכן וועט צוריקומען פון גאַס מיט כל־טוב אויף יו״ט, קען נאָך לאנג דויערן. עס קען נאָך אַ קאַרפּ צום שכל קומען!

נאָר די העכט אין דער גלעזענער שיסל באַמערקן נישט אירע ווענט, זיי צעלאָזן זיך אַלע מאָל מיט אַ כוח און טרעפן מיט די קעפּ אין הארטן גלאָז! העכט האָבן אייזערנע קעפּ נאָר שטומפּיקע מוחות! עס האָט יעדערער פון די צוויי געפאַנגענע גיבורים צו הונדערט קלעפּ געקריגן אויף יעדן פונקט פון שיסל, איידער עס איז זיי איינגעפאַלן צו קלערן, אַז זיי זענען פארמאַכט פון אַלע זייטן!

זיי פילן שוין די וואנט, נאָר די שוואַכע העכטיקע אויגן זעען זיי נאָך נישט!... דאָס גלאָז איז גרין, עס איז גאנץ ענלעך צו קליין־טייך־וואסער... און דאָך קען מען נישט ארויס!

— עס איז אַ כישוף! מאַכט איין העכט צום צווייטן;

— אַ כישוף! איז דער צווייטער מודה. מאָרגן איז אַ ליציטאַציע אויף פּלאַטקעס, האָבן אונדז די קאָנקורענטן פארכישופט...

דאָס האָט אוודאי אַ ראָש אָדער אַ פּראָש געטון!

. . . . . . . . . . . . . . .

עס איז נישט לאנג, אַז די נעץ האָט זיי פון וואסער ארויסגעצויגן... אַז זיי זענען ארויף אויף דער לופט, זענען זיי פּלוצלינג חלשות געבליבן! זיי זענען צו זיך געקומען שוין אין אַ פארהאַמערט פאַס.

— ווי פרי היינט איז נאַכט געוואָרן! האָבן דעמאָלט ביידע צוזאַמען

באמערקט, אין פאס איז ענג געווען, קוים זיך אויסצודרייען. עס האָט קוים וואסער אויף אָטעם געניגט. פון דעם פריערדיקן חלשות און שפּעטערן שלעכטן אָטעמען זענען זיי ביידע פאַרדרימלט געוואָרן. עס האָט זיך זיי פון אַלעס, אפילו פון יריד, טעאַטער און באַלעט געחלומט, נאָר קיין פּאַס האָט זיי דער מלאך פון שלאָף נישט געוויזן...

זיי האָבן נישט געהערט — נישט דאָס פּאַס עפענען, נישט דאָס געררויש אין מארק! זיי האָבן נישט געמערקט דאָס ציטערן פון דער וואָג, אויף וועלכער זיי האָבן זיך געוואַקלט בשעת ווען די פישערן האָט זיך מיט דער קעכן געדונגען... נישט געהערט ווי דאָס שאַרפע צינגל האָט זיי פאַר־געזועצט די ווידוי!

טיפער נאָך זענען זיי איינגעשלאָפן ביי דער קעכן אין קויבער. זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט ערשט אין שיסל, אונטער דעם שטראָם פריש קאַלט וואסער. א גוטע שטונדע האָבן זיי נישט־ווילנדיק געשלאָגן קאָפּ אין וואַנט, אצינד ערשט רעכענען זיי אויף כישוף...

— וואָס טוט מען? פרעגט איינער דעם צווייטן.

די קאַרפּן ווייסן, אַז זיי זיצן תפוס... זיי ווייסן אויך אַז עס איז עפּעס געווען א לאַנגע נאַכט און זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט אין שיסל. מן־הסתם — טראַכטן זיי — האָט מען אונדז פאַלשע באַנקאָצעטל אונטער־געוואָרפן. עס וועט זיך אויסווייזן — קלערן זיי — מען דאַרף נאָר מיט עמעצן א קלוג ערנסט וואָרט רעדן!

זיי געבן זיך א קליינעם וואָרף אין דער הייך, דערזען די העכט און — פאַלן צוריק נישט טויט, נישט לעבעדיק.

— זיי וועלן אונדז אויפפרעסן! ציטערן זיי, זיי האָבן זיך אביסל בארואיקט, ערשט דעמאָלט, ווען זיי איז איינגעפאַלן, אַז די העכט מוזן אויך זיין אין תפיסה...

— דאָס האָבן זיי אוודאי — מאַכט איינער צום צווייטן — מיט פאַלשע באַנקאָצעטל געהאַנדלט!

— יאָ, ענטפערט דער צווייטער, נאָר פון זיי קאָן פאַרט די ישועה קומען! זיי וועלן נישט שווייגן... און מען וועט אונדז צוזאַמען ארויס־לאָזן מיט גאָטס הילף.

— און זיי וועלן אונדז באַמערקן — און... אויך (מיט גאָטס הילף) איינשלינגען! זיי האָבן זיך מיט די זייטן פ ע ס ט ע ר צ ו ג ע ד ר י ק ט צו דער דנאָ פון שיסל.

אויף דער פּאַדלאָגע איז געשטאַנען א קויבער מיט ציבעלעס.

— ווען מיר נעמען דעם פּאָדראַד און רייניקן אויס די פלאַטקעס, וואָלטן מיר אַזוינע גאָלדענע אָרדער געקריגן, — מיינט א העכט.

— מיר וועלן נאָך, אי"ה, קריגן, — ענטפערט דער צווייטער, עס איז טאַקע א כישוף, נאָר...

— וואָס נאָר?

— עס איז דאָ אַן עצה!

— זאָג . . .

— עס איז אפילו א בושה... נאָר... איך מוז דיר זאָגן... מען דאַרף

— ד אַ וו ע נ ע ן . . . שטאַמלט ער אַרויס — דאָס איז די בעסטע רפואה קעגן כישוף!

— דאַוועגען?! אפשר!

אוןביידע העכט דערמאָנען זיך, אַז זיי האָבן שוין יאָרן לאַנג נישט געדאַוונט... זיי געדענקען נישט א וואָרט.

— אשרי... הייבט איינער אָן.

— אשרי . . . זאָגט דער צווייטער נאָך, און שטיי! מער נישט א וואָרט.

— אוי, ווילט זיך מיר דאַוונען — קרעכצט הויך דער ערשטער.

— מיר אויך, — איז מודה דער צווייטער, דען סוף כל סוף זענען מיר דאָך אויך נאָר פיש!...

---

עס עפנט זיך א טירל אין וואַנט און צוויי קעפּ ווייזן זיך אינעם חלל. איינער א פאַרטרונקענער מענער־קאָפּ און דער צווייטער א פרויען־קאָפּ אין פּאַפּילאָטן.

— אָ! פרייט זיך דער מענער־קאָפּ, עס וועט זיין א פריילעכער יום־טוב! העכט... קאַרפּ... אַל־דאָס גוטס...

— ווי דען! איך האָב נאָך נאָך פלייש געשיקט!

— מיין קלוג ווייבל! שמייכלט דער מענער־קאָפּ.

— נאָ! נאָ! נאָר אָן דעם...

און די קעפּ פאַרשווינדן.

---

— הערסט — מאַכט איין העכט — עס זענען דאָ קאַרפּן אויך!

— זיי איז בעסער פאַר אונדז!

— מיט וואָס?

— ערשטנס, האָבן זיי דאָ קיין פּאָדראַדן נישט, און זענען פרייע

פײנל; צװײטנס — קענען זײ זיך װארפֿן... װען זײ געבן זיך א גוטן װאָרף, װאָלטן זײ אהײם אין טײך צוריק!

— אמת?

— און עס װאָלט אפשר פֿון דאָרט אונדז אויך א טובה ארויסגעקור־מען, װארט, מיר װעלן פּרוּװן!

— קארפּן! רופֿט אויס דער העכט. בײדע קארפּן זענען פּלוצלינג ארויפגעשװוּמען און האָבן ארויסגעשטעקט די קעפּ איבער די שיסל.

דער העכט האָט זיך ארויסגערוקט אנטקעגן —

— שלעכט ברידער! מאכט ער.

— שלעכט! ענטפֿערן די קארפּן.

— ביטער?

— ביטער!

— װײניק װאסער?

— אוי, װײניק!

— און פֿארשטונקען?

— עיפּוש!

— נישט מעגלעך דאָ צו לעבן?

— נישט מעגלעך!

— מען דארף צוריק אהײם, אין טײך ארײן?

— מען... דארף!

— מען האָט גאָר אין טײך פֿארגעסן!

— פֿארגעסן!

— א זינד!

— א רציחה!

— לאָמיר זיך קלאפּן על־חטא!

די העכט גלעטן די בײכער אויפן ראנד פֿון שיסל; די קארפּן שלאָגן זיך ערנסט קאָפּ אָן װאנט, אז עס הילכט!

— מען דארף אהײמשפּרינגען — מאכט װײטער דער העכט.

—שפּרינגען!

— נו!

דער העכט קאָמאנדירט און די קארפּן זענען ארויס פֿון שיסל אויף דער פּאָדלאָגע... און זײ ליגן נישט טויט, נישט לעבעדיק.

— איך האָב גאָרנישט געװוּסט, מאכט דער צװײטער העכט, אז דו ביסט אזא בעל־דברן, עס רינט דאָך דיר האָניק פֿון מויל! —

די קאַרפּן דערוויַיל קרעכצן —

— רוקט אייך! קאָמאַנדירט ווייטער דער ערשטער העכט.

די קאַרפּן גיבן נאָך א קליינעם שפּרונג.

— אוי, — קרעכצן זיי, — מען זעט נאָך נישט קיין טייך, און די ביינער ברעכן, און אָטעם פעלט...

— רוקט אייך, נעמט צוזאַמען די רעשט כוחות! עס איז שוין נישט וויַיט, גיט נאָך א שפּרונג!

נאָר די קאַרפּן הערן שוין נישט.

---

די קאַרפּן גוססן אויף דער פּאָדלאָגע, און די העכט שפּאַרן זיך;ביידע זענען מודה, אַז ביי א רעכטן שפּרונג קען מען קומען צוריק אין טייך אריין; נאָר א י נ ע ר זאָגט, אַז מען דאַרף דערצו אַנדערע פיש, נישט קיין פּאָדלע קאַרפּן, וואָס קאָנען נאָר שפּרינגען אין וואַסער, וואָס קאָנען נישט אויסהאַלטן א פּאָר שעה אָן אָטעמען און עסן, אַז מען דאַרף דערצו — עלעקטרישע פיש!...

און דער צ ו ו י י ט ע ר מיינט, אַז דווקא נאָר קאַרפּן! נאָר מען דאַרף א סך, א סך קאַרפּן! און אויב 100.000 וועלן שפּרינגען, וועט איינער טרעפן, און אַז איינער וועט טרעפן, האַ! האַ!

---

# לאָמפּן־מוסר


ס איז אַ ידוע לכל, אַז קאַגאַניקעס, הבדלות, ליכט, לאָמטערן און לאָמפּן פירן זיך אַמעריקאַניש, וואַכן, ווען ביי אונדז איז נאַכט, און שלאָפן, ווען ביי אונז אין טאָג. — נאָר צי וועט איר קענען מודה זיין, אַז קאַגאַניקעס, ליכט, לאָמטערן און לאָמפּן האָבן אַ לשון און (אויף זייער אופן) אַ ריכטיקן באַגריף פון טוב ורע? און דאָך פּרוווט, דערמאָנט אייך נאָר, ווי ענלעך זיי זענען צו אונז! די כלי, פון וואָס זי איז, שפּילט די ראָלע פון אַ גוף; דערביי, פּונקט ווי ביי אונדז, זענען טייל גופים נאַקעט, טייל מיט בלומען, גירלאַנדן אָדער פאַרשידענע פיגורן פאַרצירט, מיט גאָלד און זילבער באַשיינט, דער בוימל, אייל, חלב, נאַפט זענען אַ מין בלוט. דאָס בלוט איז ביי זיי אויך פאַרשידן: טייל פון גרעסערן, טייל פון קלענערן יחוס; נאָר פון עקסטן פאַס! חלב קומט אַרויס פון אַ מיאוסן אָרט, בוימל און אייל קענען זיין כשר און טריפה; וואַקס איז גלאַט כשר, נאַפט איז ריין און אומריין, טיילמאָל נאָך מיט אַ שלעכטן ריח! און ווי ענלעך איז די דאָכט — דער פלאַם צו אונדזער נשמה!

שלמה המלך זאָגט טאַקע: „נר אלהים נשמת אדם!"

און ווי ענלעך זייער לעבן איז צו אונדזער לעבן!

דער קאַגאַניק — אַ שריד ופּליט פון אַלטע פרומע דורות — שווימט טאַקע אַרום אויף כשרן בוימל; ער ברענט טונקל, ציכטיק און שטיל; פלאַקערט נישט אויף מיט טייוואָלאַנישער גאווה, רעדט זיך נישט איין, אַז ער וועט באַלייכטן און באַשיינען די וועלט... נישט זיין וועלט, ער דאַרף זי נישט פאַרזאָרגן!

זיין אייגן ווינקעלע איז פאַר אים גענוג. פאַר דאָס מאַכט ער קיין שריפות נישט אָן! איר וועט ביי אים נישט געפינען קיין צייכן פון אַנאַרכישע אידעען!

דערצו ברענט ער טרויעריק, ווייל קורץ איז דאָס לעבן, קירצער ווי „אַ שאָטן פון אַ פויגל, וואָס פליט נאָר אַדורך"!

ער איז פול מיט „מרה־שחורה"!

„מה אנו מה חיינו"? אַ קנייטל מיט אַ „טפה־סרוחה" — בוימל, און מען שטאַרבט יעדע מינוט! ער גערענקט שטענדיק אינעם טויט און דעריבער האָבן מיר עס טאַקע פאַר טויטע באַהאַלטן.

הבדלות, חנוכה־ליכט זענען „דברים שבקדושה", כמעט אָן גופים! טייל זענען כפול־שמונה, נאָר אַלע פאַרדרייט און פאַרפלאָכטן... און דערביי געל — ווי הייליקע דאַרפן אויסזען! און ברענען מיט קאַפּעטש, אויך ווי הייליקע טוען; עס שטעקט דערינען מער אמונה ווי חכמה, מער התלהבות ווי ליכט, מער „לשם מצווה" ווי לתשמיש...

ליכט, לאַמטערן און לאָמפּן זענען וועלט־לייט! לאַמטערן און לאָמפּן ווייסן שוין נישט פון קיין יידישקייט! ליכט ווערן אפילו גענוצט אַלס נשמה־ און בענטש־ליכט, נאָר גלייבן טאָר מען זיי נישט...

דאָס איז אין איין וועגס קאָרטן־שפּילער און דינען נאָך צו אַלעם בייז, פון וועלכער עס איז בעסער, אז מען רעדט נישט... ליכט, בפרט סטעאַרין־ליכט, כשרע נישט אויסגענומען, זענען אהין און אהער!

לאָמפּן און לאַמטערן: ראָטשילדס און באָסע־קאָמאַנדע! די ער־שטע ווינען אין שטיבער, סאַלאָנען, טייל מאָל — צווישן כל־טוב; די צווייטע — אין הויז, אין גאַס צווישן ווינט און שניי...

פון איין מין, ברידער פון איין טאַטע־מאַמע, גופים פון איין גלאָז, איין בלוט — נאַפט, איין נשמה — איינערליי דאָכט, און — בשעת ווען דעם לאָמפּס לעבן שיינט רואיק און שטיל, אָדער פלאַמט מיט אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן דורך פאַרשידן־פאַרביקע גלעזער...

בשעת ווען לאָמפּן טאַנצן אויף אַלע חתונות און בעלער, שטייען אויבנאָן ביי יעדער פאַמיליען־פאַרזאַמלונג, באַגלייטן חתן־כלה ביז דער לעצטער מינוט, — שטייט דער לאַמטערן אין הויז פון אַ זאַיאַזד. דער צוג פון קעגנאיבער־אָפענע טויערן פאַרכאַפּט אים דעם אָטעם.

דער גוף איז צעבראָכן. די זייטן געשפּאָלטן און באַלייגט מיט ברודיקע פּלאַסטער, און ער ברענט און צאַנקט, און גוססט צווישן אַ שרעקלעכן ריח...

און אויף וואָס פאַר אַ ווינטן, שטורמען, רעגן, שנייען איז אויס־געשטעלט זיין חבר אין גאַס! יעדע רגע ציטערט ער פאַר זיין לעבן, עס ווייזט זיך עמעץ אין גאַס, — עס קען זיין אַ שיכור, וואָס וועט אים מיט אַ שטיין אויף פּיץ־פּיצלעך צעברעכן.

— נאָך וואָס ליכט ער ביינאַכט, אפילו ווען לבנה און שטערן שלאָפן?

איז דאָס אַנדערש ווי אונדזער לעבן? און פאַר וואָס זאָלן זיי קיין שפּראַך, קיין ידיעה נישט האָבן?

זיי מוזן האָבן! איך בין שטענדיק געווען דאַפיר, אַז אַלעס לעבט. אַלעס פילט, אַלעס ווייסט, וואָס גוט און פרום איז, און איינמאָל האָב איך אַליין געהערט, ווי מיין גרויסער הענגל־לאָמפּ האָט מוסר געזאָגט אַ קליין טיש־לעמפּל, וואָס איז גראָד געשטאַנען נישט ווייט פון אים.

— „ייִנגל — מאַכט ער — פיר דיך בדרך־הישר! ברען גלייך ווי אַ ליניע, ברען ווי אויפן מזבח! גלייך צום הימל אַרויף און פאַרייניק דיך מיט יענע גרויסע ליכט, וואָס לעבן אייביק! לאָז דיך פון אַ ליאַדע ווינט נישט פאַרפירן אין אַ זייט אַריין! געדענק — אַז דיין זיידע (זכרונו־לברכה) איז אַ הייליקער קאַגאַניק געווען! דיין פעטער איז אַן הבדלה! און חנוכה־ליכט, נשמה־ליכט, און שבת־ליכט זענען דיינע נאָענטע קרובים!"

„האַלט דיך פעסט אין דיין דרך, פיר דיך נישט ווי די באָסע־קאָ־מאַנדע אין גאַסט־הייזער און אין אַלע גאַסן! אַרויף דעם קאָפּ! וויים פאַר ווען דו שטייסט! ווען דו דאַרפסט אָפּגעבן דין־וחשבון! גע־דענק, אַז יעדן פרימאָרגן פליט דיין דאָכט אין הימל אַריין צו פאַרשרייבן אַלע דיינע תנועות!"

„פאַרגעס נישט — אַז אויב דו וועסט דיך פירן אין גלייכן וועג, וועסטו זוכה זיין צו אַלעם גוטן!"

— „אָמן"! — האָט געענטפערט דאָס קליינע טיש־לעמפּל. —

# די פֿרומע קאַץ



רײַ זינג־פֿײגעלעך זענען געווען אין שטוב און אַלע דרײַ, איינס נאָכן צווייטן — האָט די קאַץ צערעכט געמאַכט..

עס איז קיין איינפֿאַכע קאַץ נישט געווען, נאָר אַן אמת, אמת־פֿרומע נשמה, וואָס האָט נישט אומזיסט געטראָגן די ווײַסע גוט־יידישע יופּע און געהאַט אייגעלעך, אין וועלכע דער הימל האָט זיך גע־שפּיגלט...

עס איז אַ פֿרומע קאַץ, אַ טבֿילה־קאַץ געווען! צען מאָל אין טאָג האָט זי זיך געוואַשן... און געגעסן האָט זי שטיל, ערגעץ אין אַ זײַט, אין אַ ווינקעלע...

אַ גאַנצן טאָג האָט זי געכאַפּט וואָס עס איז מילכדיקס, און ערשט, אַז די נאַכט איז צוגעפֿאַלן, האָט זי געגעסן פֿלייש, כשר מויזן־פֿלייש...

און נישט געאײַלט זיך צו דער אכילה, ווי אַ גראָבע זאַך. נישט געכאַפּט און געשלונגען ווי פֿרעסער טוען; נאָר בנעימות, שפּילנדיק... זאָל דאָס מײַזל לעבן נאָך אַ רגע, נאָך אַ רגע... זאָל עס אַביסל אַרומ־טאַנצן, אַפּציטערן, ווידוי זאָגן — אַ פֿרומע קאַץ כאַפּט נישט...

אַז מען האָט אין שטוב אַרײַן דעם ערשטן זינג־פֿויגל געבראַכט, האָט זי אויף'ן באַלד רחמנות באַקומען; עס האָט זי ביים האַרץ אָנגעכאַפּט.

— אַזאַ שיינס, — זיפֿצט זי, — אַזאַ קליינס, אַזאַ מחיהדיק פֿײַ־געלע זאָל קיין עולם־הבא נישט האָבן!

— און עס קען קיין עולם־הבא נישט האָבן! — איז זיכער די קאַץ — ערשטנס וואַשט זיך עס דײַטשעריש, מיטן גאַנצן לײַב אין שיסע־לע וואַסער...

צווייטנס, אַז מען האָט עס אײַנגעזעצט אין שטײַג, איז עס שוין אַ חיה־רעה, כאַטש אַ יונג, זיס און פֿײַן זינג־פֿייגעלע... האַלט עס שוין מער פֿון דינאַמיט ווי פֿון שלחן־ערוך!

הײַנט דאָס זינגען אַליין! דאָס אויסגעלאַסענע זינגען, דאָס צו־פֿײַפֿן און דאָס קוקן גלײַך אַן אַ שום דרך־ארץ אין הימל אַרײַן! דאָס

רייסן זיך ארויס פון שטייג צו דער זינדיקער וועלט, צו דער פרייער לופט, צום אפענעם פענצטער...

צי איז נאך אמאל א קאץ אין א שטייג געזעסן? צי האט נאך אמאל א פרומע קאץ אזוי געפיפן, אזוי זמרי־בן־סלוא׳דיק געפיפן?

— און א שאד! — וויינט דאס פרישע הארץ אין דער פרומער קאץ,

— עס איז דאך א לעבעדיקע זאך, א טייערע נשמה, א פונק פון דער הייך!

דער קאץ קומען טרערן אין די אויגן:

— און דאס גאנצע אומגליק איז, וואס דער זינדיקער גוף איז אזוי שיין, דער עולם־הזה דעריבער — אזוי לוסטיק, דער יצר־הרע אזוי שטארק...

ווי קען אזא קליין זים פייגעלע זיך אקעגנשטעלן דעם שרעקלעך־גרויסן יצר־הרע?

און וואס מער עס לעבט, מער זינדיקט עס, גרעסער וועט זיין די שטראף...

האָ!

און א הייליק פייער האט זיך אנגעצונדן אין דער קאץ, דאס פייער פון פנחס בן־אלעזר, בן־אהרן הכהן... און זי איז ארויפגעשפרונגען אויפן טיש ,וו די שטייג מיטן זינג־פייגעלע איז געשטאנען, און — עס פליען שוין פעדערן אין צימער...

---

מען האט די קאץ געשלאגן... די שלעק נעמט זי אן פאר ליב... זי האט פרום אפגעקרעכצט, אפגעמיאוטשעט א יעמערלעכן על־חטא...

מער וועט זי שוין נישט זינדיקן...

די קלוגע קאץ פארשטייט, פאר וואס מען האט זי געשלאגן... מער וועט זי אויף קיין שלעק נישט פארדינען...

— מען האט זי געשלאגן — פארשטייט די קאץ, — דערפאר ווייל זי האט פארפעדערט די שטוב; ווייל אויפן ווייסן געשטיקטן טישטעך זענען געבליבן פלעקן פון בלוט...

אזא פסק מוז מען מקיים זיין גוט, שטיל און פרום, עס זאל קיין פעדער נישט פליען, קיין טראפן בלוט נישט פאלן...

און — אז מען האט דעם צווייטן זינג־פויגל געקויפט און אין שטוב געלאזט, האט זי אים שוין שטיל און פיין דערווארגן און מיט די פעדערן צוזאמען איינגעשלונגען..

---

מען האט די קאץ געשמיסן...

אצינד האָט ערשט די קאָץ פאַרשטאַנען, אַז נישט וועגן פעדערן גייט עס, נישט וועגן פלעקן פון בלוט אויפן טישטעך...

דער סוד איז, אַז מען טאָר נישט טייטן! אַז מען דאַרף ליב האָבן, מוחל זיין... אַז נישט מיט ארבע מיתות בית־דין פאַרבעסערט מען די זינדיקע וועלט!

מען דאַרף מחזיר־למוטב־זיין, מוסר זאָגן, צום האַרץ רעדן!

אַ קאַנאַרעק אַ בעל־תשובה קען קומען צו'ן אַזאַ מדרגה, צו וועל־כער די פרומסטע קאָץ וועט נישט דערגרייכן!

און די קאָץ דערפילט, ווי עס וואַקסט אין איר דאָס האַרץ פאַר פרייד! אוים אַלטע, שלעכטע און האַרטע צייטן! אוים בלוט פאַרגיסן! רחמנות, רחמנות, און נאָכאַמאָל רחמנות...

---

און מיט רחמנות איז זי צוגעגאַנגען צום דריטן קאַנאַרעק!

— שרעק דיך נישט — מאַכט זי, — מיט דער ווייכסטער שטימע, וואָס איז אַמאָל אַרויס פון אַ קאַציקן האַלדז, — זינדיק ביסטו, נאָר איך וועל דיר קיין שלעכטס נישט טון, ווייל איך האָב רחמנות אויף דיר!

איך וועל דיר אפילו די שטייג נישט עפענען, איך וועל דיך אפילו נישט אָנרירן!

דו שווייגסט? — זייער גוט! איידער פרעכע לידער צו זינגען, איז גלייכער שווייגן!

דו צאַפּלסט — נאָך בעסער! צאַפּל, צאַפּל, מיין קינד, נאָר נישט פאַר מיר, פאַרן בורא־עולם צאַפּל, פאַר זיין ליבן נאָמען!

הלוואַי זאָלסטו שוין אַזוי בלייבן — שטיל, ריין און צאַפּלדיק...

איך וועל דיר העלפן צאַפּלען! פון מיין פרומע נשמה וועל איך הויכן אויף דיר שטילקייט, זיסקייט און פרומקייט... מיט מיין הויך זאָל אַריין אמונה אין דיין ליב, יראת־שמים אין דיינע ביינדעלעך, תשובה און חרטה אין דיין הערצעלע!

און די קאָץ פילט ערשט, ווי גוט עס איז מוחל צו זיין, ווי אַ פרייד עס איז יענעם אַריינצובלאָזן מיטן הויך פרומקייט און ערלעכקייט...

און עס וואַקסט דאָס פרימסטע האַרץ אין דער פרימסטער ווייסער קאָץ —

נאָר דער קאַנאַרעק קען אין דער קאַצן־לופט נישט עטעמען — עס האָט אים דערשטיקט!

---

# דער דין־תורה


נינא בעל־עגלה האָט געהאַט א דין־תורה מיט דער שקאַפּע; זי האָט געטענהט: גיב האָבער, וועל איך גיין, ער — גיי, וועסטו קריגן האָבער. די בייטש האָט זיך אריינגעמישט, איינמאָל און דאָס צווייטע מאָל, ביז די קליאַטשע האָט פארשוויגן און אויסגעצויגן די פיס...

חנינא האָט קוים אהיימגעשלעפּט דאָס וועגעלע, פארתכליוועט א שינדער די הויט, און ער זוכט זיך שוין א נײַ פערד...

קיין גרויס עגמת־נפש האָט ער נישט דערפון; ער איז שוין גע־וויינט מיט אזוינע זאַכן — ער פלעגט קויפן נ אָ ר אזעלכע פערד, מיט וועלכע ער פלעגט האָבן סאַמע דין־תורה'ס, פלעגט ש ט ע נ ד י ק רופן די בייטש פאר א בורר, און נאָך דער בייטש איז דער שינדער מעשים בכל יום...

דער קרוג טראָגט אָבער אזוי לאַנג וואַסער, ביז ער בלייבט אָן אויערן, און קוים האָט חנינא ארויסגעשיקט דעם שינדער נאָך דער פעל, פארגלייזט ער די אויגן, פאַלט ארונטער מיטן קאָפּ, פון מויל שפּריצט פּיאַנע — ער האָט דעם „שלאַג“ געקריגן!

דאָס ווייב מיט די קינדער ראַטעווען; ער מאַכט אַוועק מיט דער האַנט. ער פילט, אז עס איז זיין עק...

פאר דער גסיסה איז ער אביסל צו זיך געקומען און געזאָגט, אז די שקאַפּע רופט אים צום בית־דין של מעלה. —

---

קיין גרויסע מורא דערפאר האָט ער נ י ש ט.

חנינא איז געווען א שטיקל בקי אין משפטים —

דורכפאָרנדיק נעבן א סטויג היי צו א פעלד מיט קאָניצינע, פלעגט ער שטענדיק, מכלומרשט, איינדרימלען, דאָס הונגעריקע פערד זאָלד באַלד אראָפּ אין א זייט און אונטערלענען זיך מיט פרעמדער פראַצע. דאָס

דרימלען זיך בשעת־הכושר האָט אים נישט איינמאָל געפירט אין סאָנד אַריין, נאָר ער האָט זיך שטענדיק אויסגעדרייט.

זיין צו־שפּרונג צו דער פרנסה איז געווען מעקלעריי ביי אַדוואָקאַטן. נו, אַביסל האָט ער גענאַשט און אַביסל איז ער געוואָר געוואָרן, אַז די גאַנצע מעשה איז חוזק; פאַרן ערגסטן פאַל, האָט ער געוווסט, איז פאַראַן אַ פּשרה!

דערווייל האָט ער מיטגענומען פערשווינען!..

אַז דעם סאָנד איז שוין נמאס געוואָרן דאָס דרימלען בשעת־הכושר, און דער צד שכנגדו האָט פאַרלאַנגט שרפ"ט פאַר דער פּשרה, איז ער באמת אָפּגעזעסן אַ צייט, האָט ער זיך באמת אויסגערוט די ביינער, האָט זיין זון געמוזט זיך צוגעוויינען צו דער מלאכה! טאַקע אַ שאָד ביטול־תורה (זיין זון האָט געלערנט אין אַ חדר), נאָר סיי־ווי־סיי — געווינט איז ער געוואָרן מיט משפּטים; קיין מורא האָט ער נישט געהאַט! מיטן ווייב וויל ער דערפון נישט רעדן, וואָס ווייסט אַ יידענע? נאָר דעם נושאים־מאַן זאָגט ער: איך הער זי ווי די קאַץ, איך וועל מאַכן אַ בעסערן אַטוואָד פאַר פּלוידערמאַן פּיאַניצע! נאָר אַ שאָד, וואָס איך קען אהין נישט מיטנעמען קיין פאַרשווינען...

גיט מיר (מאַכט ער שפּעטער) כאָטש די בייטש, אָן איר וועל איך גאָר זיין ווי אָן אַ האַנט...

---

פאַרן בית־דין של מעלה.

אונזער חנינא איז טאַקע באַלד אַרויס מיט אָן אַטוואָד; פאַר אַ שקאַפּע — זאָגט ער — איז גענוג אַ גמינע־סאָנד.

— זעסט, חנינא, — זאָגט דער פּרעזעס — זאָלסט געווען שבת זוויניקער שלאָפן און הערן בעסער די סדרה אין שילעכל, וואָלסטו גע־ווּסט, אַז אַ שור הנסקל געהער אויך צום סנהדרין!

— עט — האַקט איבער חנינא — אין שילעכל האָט מען נישט די סדרה, נאָר אַלשיך געלערנט! קיין מוסר בין איך נישט געקומען הערן, און דעם אַטוואָד — בין איך מודה — האָב איך געמאַכט נאָר פאַר שיינקייט וועגן, איך זאָג מיך פונעם אָפּ!

דער בית־דין גיט דער שקאַפּע דאָס וואָרט.

עס הערט זיך אַ יעמערלעך געוויין:

— ער האָט מיך דערהרגעט, מיט דער בייטש דאָס לעצטע ביסל כוח פון לייב אַרויסגעיאָגט. —

נאָר חנינא לאָזט נישט רעדן, — „די שקאַפּע — שרייט ער —איז דאָך מ י י ן! איך האָב זי פון שינדער דאָך מציל געווען; מען האָט זי לעבעדיקערהייט געוואָלט פּטור ווערן! אַ שינדער האָט צוויי רובל גע־געבן און איך האָב אַ צענערל מוסיף געווען... און געיאָגט האָב איך זי אויך נאָר פאַר איר טובה וועגן... אינדערהיים וואָלט איך איר אַ היי גע־וויזן, נישט פון סידורל...” ווייצלט ער.

— נאָר כוח, ווו נעמט מען כוח? — צעניסט זיך די שקאַפּע.

— איך פאַרשטיי נישט — בייזערט זיך חנינא — ווער דען האָט כוח? איך האָב כוח? איך האָב נאָר צו שאַפן! און אָן אַ בייטש וואָלסטו געגאַנגען? און אַ טריט געמאַכט וואָלסטו יאָ? ווי קען זיין אַ בעל־עגלה אָן אַ בייטש?

---

דאָס בית־דין של מעלה קלערט אַ ווײַלע און גיט אַרויס אַ פּסק:

— „אַזוי ווי דאָס בין־דין קען נישט משנה זיין סדרי־בראשית... און לויט סדרי־בראשית מאַכט קיין פערד קיין טריט נישט כמעט אָן אַ בעל־עגלה, מוז בשעת־הדחק דעריבער זיין אַ „בייטש”; נאָר פון צווייטן צד — ווייל כל־זמן אַז פערד זענען פערד, איז פאַרט אַ יושר־גדול, אַז עס זאָל זיין מער רחמנות צווישן די „צדדים”, על־כן —

זאָלן ביידע צוריק מגולגל ווערן אויף יענער וועלט.

„חנינא זאָל אַריין אין אַ שקאַפּע און די שקאַפּע זאָל ווערן אַ בעל־עגלה”!

מיט דער צייט, הייסט עס, וועלן זיי זיך אויסגלייכן און, צייט צו וואַרטן פעלט נישט דעם בית־דין של מעלה.

---

# פון קבר

ז אַ מענטש שטאַרבט, לייגט מען אים שערבלעך אויף די אויגן און מען פאַרשיט אים מיט ערד... מיר — כאָטש מיין ווייב פלעגט זאָגן, אַז איך בין גאָר קיין מענטש נישט, און כאָטש איך האָב קיין קינדער נישט געהאַט — האָט מען דאָס אייגענע געטון.

איך האָב אַלעם געפילט, נאָר עס האָט מיר ממש נישט ווי געטון: איך האָב פּראָסט קיין צייט נישט געהאַט צו דעם ווייטיק! ערשטנס האָב איך געהאַט ביים גאַנצן רחמנות אַ שטיקל נקמה אויף מיין ווייב, וואָס איז געגאַנגען נאָך דער מטה, און מיט איר אייגן מויל געשריגן: אַזאַ מענטש! אַזאַ מענטש!

צווייטנס האָב איך מיר געחזרט מיין פּסוק!

און איך האָב גלייך געטון. דער מלאך־דומה איז געקומען טאַקע ווי אַ לייב, נאָר, — אַז איך האָב אים געזאָגט: אדם כבהמות... און ווי ווייטער שטייט, וואָס מיין פּסוק איז, איז ער אוועקגעגאַנגען כאחד האדם, טאַקע ווי אַ לעמעלע.

אויך בין איך צופרידן געווען פונעם קבר, וואָס מען האָט מיר אויסגעקליבן... ממה־נפשך, לעבט מען אין קבר, דאַרף מען דאָרט אויך האָבן גוטע שכנים; הערן און זאָגן אַ גלייכווערטל! און דאָ הער איך — וועל איך האָבן רעכטס ר' מנחם זאָסעס און לינקס — ר' יאָסל דוואָשעס! אויף בעסערע שכנים האָב איך מיך נישט געקענט ריכטן!...

קוים האָט מען אָפּגעזאָגט קדיש, מען קלאַפּט פון דער רעכטער זייט:

— ר' מנחם? — פרעג איך.

— יאָ. און איר ווער זענט?

איך זאָג אים:

— געלויבט איז גאָט — מאַכט ער — טאַקע — ברוך דיין אמת!

איך האָב פון יענער זייט (נישט פאַר קיין ייד געדאַכט) אַ רופא, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! ערשטנס שמייסט מען אים יעדע נאַכט, ווייל ער געדענקט נישט דעם נאָמען, איז ממש קיין אויג נישט צוצומאַכן, און

צווייטנס רעדט ער א גאַנצן טאָג עזותקייטן. ער מוז האָבן היץ, צי וועל־כע שוואַרצע יאָר, נאָר אַזאַ טריפה מויל! אַצינד — כאַטש היימישע מענטשן.

— איר האָט לינקס — מאַכט ער ווייטער — ר' יאָסלען. דורך אַ לײדיקן קבר קען מען נישט רעדן; דאָס קול ווערט פאַרלוירן. אַצינד פּרוּווט אים נאָר וועקן, אפשר איז ער נאָך נישט אין גאַנצן פאַרפוילט.

איך קלאַפּ אָן — ר' יאָסל האַלט זיך נאָך, און מיר האָבן שוין, ב"ה, „מזומן" צו אַ רעכט וואָרט... ביידע פרעגן, וואָס עס הערט זיך אויף יענער וועלט, און איך האָב זיי דערציילט דאָס לעצטע נײעס, הן פון דער היים, הן פון בית־המדרש, הן פון פּאָליטיק און דערנאָך גע־פרעגט, פון מיין צד, וואָס עס הערט זיך אויפן עולם־אמת.

— גאָרנישט — זאָגן זיי — שטיל! דער מלאך־דומה הייסט נאָר געשווינדער פוילן; טוט ער נישט קיין שלעכטס! מען דאַרף נאָר וויסן ווי מען הייסט, דען אַז נישט, קען ער נישט פאַרשרייבן אין מתים־פּנקס, איז מען ווי דאָרטן אויף יענער וועלט אָן אַ פּאַספּאָרט; בייזערט ער זיך און שמייסט!

— און מכוח גיהנום? — פרעג איך.

— אל תפתח פה לשטן — וווּנדערן זיי זיך — פאַר וואָס?

זיי פרעגן גאָר: פאַר וואָס?! מילא פון מ י י נ ע חטאים וויל איך נישט רעדן; דען טאַקע, אַ פּראָסטער מענטש, איז קיין חידוש נישט. נאָר אויף ר' יאָסלען האָט מען געמורמלט, אַז ער שינדט די הויט ביי הלוואות, און, אַז עס לאָזט זיך, איז ער זיך נאָך טועה אין חשבון אויך... עפּעס אַן אלמנה האָט געזאָלט דורך אים שטאַרבן, באַשר־בכן, ער האָט איר עפּעס אַ פּקדון באַהאַלטן... איך וויל נישט מיין מויל אין קבר צו קיין בייזן ברענגען, נאָר געמורמלט האָט מען; ווער שמועסט — ר' מנחם! אויף אים זאָגט מען אפילו, אַז ער האָט אויפן לענטשנער יריד אַ סוחר, פּשוטו כמשמעו, ביינאַכט די קעשענעס אויסגעשניטן און דערנאָך אין טלית און תפילין אָפּגעלייקנט שטיין און ביין... זיי זענען דערביי אפילו געווען גאַנץ אָרנטלעכע מענטשן, בני־תורה, מיט שיחת־חולין קיין מעשה נישט, אָבער „אל תפתח פה לשטן", עס פאַלט זיי גאָרנישט איין, גאָר־נישט!

מילא, טראַכט איך, זאָל זיין אַזוי.

— און מכוח גן־עדן? — פרעג איך ווייטער.

— גן־עדן, — קרעכצט מנחם פון איין זייט און יאָסל פון דער צווייטער זייט, — גן־עדן... צו גן־עדן, ברידער, מוז מען שוין זיין רעכט

טויט, דורך און דורך גוט פאַרפוילט! עס איז א סברא, אז כל־זמן עס איז דאָ א לעק מוח, איז נישטאָ אויף וואָס צו האָפן! און טאקע נישט אומזיסט שרייט דער מלאך־דומה: פוילט, ברידערלעך, פוילט, לאָמיך אייער פטור ווערן! נאָר, בטחון אין גאָט! די ווערים רוקן זיך ווייטער און ווייטער, פון הארץ בין איך שוין כמעט פטור...

און יאָסל זאָגט:

— דאָס הארץ, זעסטו, האָט מיר אפילו נישט וויי געטון...

— צו מיינעם, — זאָגט מנחם, — האָט פריער קיין וואָרעם נישט געוואָלט שמעקן! דער מלאך־דומה האָט מיר נאָך פריער געזאָגט, אז דאָס ערגסטע איז דאָס ה א ר ץ ביי צדיקים! ק י י ן וואָרעם וויל זיך נישט צורירן דערצו!... נאָר יענעם חודש האָט מיך א גליק געטראָפן, עס איז גראָד קיין פרישע מתים נישט געווען, האָב איך מיינס פארצוקערט!...

---

עס הייבט מיך אָן קיצלען אונטער די אָרעמס; איך פרעג מיינע שכנים, וואָס דאָס באטייט.

— געלויבט איז גאָט — ענטפערן זיי — א סימן פון א צדיק, אז די ווערים קיצלען און טוען נישט וויי! די רשעים, זעסטו, שפרינגען באַלד אויס דער הויט!

— סימן־טוב ומזל־טוב! — זאָגן זיי ווייטער — נאָר פאר דאָס, וועסטו אויך לאַנג ליגן אין קבר... וועסט דיך אפשר גלייך מיט אונדז זיך אויף תחית־המתים דערוואַרטן. נאָר רשעים האָבן קיין געדולד נישט! באַדיי אין גיהנום — שרייען זיי — אבי נישט צווישן ווערים!

וואָס קומט מיר אָבער ארויס פון אלע נחמות, איך בין פאָרט קיין צדיק נישט, איך פיל פאָרט, אז די ווערים זענען שוין ביי מיר אין אלע איברים; עס קיצלט שוין נישט! איך פיל שוין, אז דאָס הארץ ברעכט, די לעבער פוילט, און דער מוח — אָ! דער מוח קנאַקט און קנאַקט!

זאָל איך אויך אפשר רעדן עזותקייט?

---

# הינערישע חלומות



מאָל איז געווען א הון, אַ גרויסע הון און א מיוחסת, דעם גרויסן קוקוריקוס אַ קעפּסוויב און א חכמה דערצו. און די גרויסע הון, די מיוחסת, זיצט (פארשטייט זיך, נישט. חס־ושלום, אין תפיסה), נאָר אויף דער „שאַדאַלע" — אוודאי אויף פערציק אייער.

אז מען רייבט זיך נישט אָן דער וואנט און מען האָט נישט אין זין קיין פּאָליטיק — העלפט גאָט.

און די אייער זענען דעריבער גרויסע און, מן־הסתם, פולע; פון די אייער וועט ארויס — —

נאָר וועגן דעם חלומט טאקע די הון.

---

זי זיצט מיט פארמאכטע אויגן און דאַך זעט זי. ווי פון די אייער טרעט אַרויס אַ שטיק פערציק הענער —

הענער, קיין איינציקע הון! און איינס אויף איינס הענער פון הע־נער־לאַנד, גרויס־געוואקסענע, שטאַרק־געבויטע, אויף קופּערנע פיס, מיט שאַרפע קרעלן; פליגל ווי ביי אַן אָדלער, און רויטע: ו ו אָ ס רויטע? — פלאַמענדיקע קאַמען!...

מען זאָל זיי נאָר קיין עין־הרע נישט געבן!

און גלייך פון די אייער טרעט אַרויס די מחנה גיבורים און לאָזן זיך גיין אויפן הויף... זי גייט נאָך, און דאָס הארץ אין איר וואַקסט און וואַקסט, עס וואַקסט ווי אויף הייוון. אַרויסשפּרינגען וויל עס, זאָל עס שפּרינגען!

— קוקוריקו! — שרייט דער עולם — אזא קול האָט נאָך די וועלט נישט געהערט!

— קוקוריקו! דאָס בערגל מיסט אין דער זייט ביי דער קיך שאָקלט זיך און פאַלט. אין גאַנצן הויז ציטערן די שויבן.

— קוקוריקו!

און, אַלע, אַלע אַרום בלייבן שטיין ווי פאַרשטיינערט!

ווער זענען די גיבורים?

דער אַלטער קודלאַטער הונט קריכט אַרויס פון זיין שטיבל, און בלייבט אויך שטיין פאַרגאַפּט — ער האָט די צונג אין מויל פאַרגעסן, ער בילט נישט!

די חברה קעץ האָבן זיך אויסגעזעצט אויפן פּלויט, וואָס צווימט אַרום דעם הויף, און קוקן זיך די אויגן אויס...

מויל־ווערף קריכן פון אונטער דער ערד אַפּער; האָזן האָבן באַוויזן זיך אין עק וואַלד — פאַרגאַפּט, כאַטש כאַפּ זיי מיט דער האַנט!

און ער, וואָס וועט ער זאָגן? ער, דער גרויסער זאַמד־גריבלער, דער גרויסער קאָרן־שלינגער, איר מאַן? צי וועט ער נאָך קוקן אויסע איר אויף אַ הון ? !

ניין!

און דעמאָלט, דעמאָלט וועט זי שוין זיין אויפן שפּיץ פון איר גליק. אַז ער וועט וויסן און זען, וואָס זי קען, אַז די וועלט וועט געוואָר ווערן, וואָס זי האָט אים געגעבן, דעמאָלט — וועט זי שוין מעגן שטאַרבן! דעמאָלט וועט זי אַליין צוגיין צו דער ברייטער קעבן, און אויסשטרעקן דעם האַלז.

— נעם, — וועט זי זאָגן, — און קאָך וויעטשערע!

עס פּיקט אונטער דער הון, נאָר זי הערט נישט. טרויעריקע געדאַנקען זאַמלען זיך אין קעפּל —

„נעם און קאָך וויעטשערע!”

— נאָר — פאַר וואָס? פאַר וואָס מוז זיך אַלץ ענדיקן מיטן מעסער? פאַרוואָס זאָלן מענטשן עסן איר פליייש, דער הונט — די ביינער און פון די פעדערן זאָל מען מאַכן בעטגעוואַנט?

צי איז אויף דער וועלט קיין רחמנות נישטאָ, קיין יושר? פאַר וואָס זאָל מען נישט וויסן אויף דער וועלט אַן אונטערשיד פון אַ הון ביז אַ הון, פון אַ לויפערקע, אַ מויל־מאַכערן, אַן אינטריגאַנטקע אָדער אַזוי אַ שלימזל אַ הון, ביז אַ הון אַ מיוחסת, אַ הון, וואָס שטעלט־צו דער וועלט אַזוינע הענער, אַזוינע העלדן, ווי אירע וועלן זיין ? !

— פּיק! פּיק! פּיק!

נאָר זי הערט נישט.

האַלב פאַרשלאָפן ציט זי ווייטער אירע טרויעריקע חלומות, —

און נאָכן מעסער? צי איז שוין אן עק פון אלעם? צי אויף יענער זייט צוים איז שוין גאָר נישטאָ?

נאָכן צוים איז באלד דער וואלד, און דערנאָך נאָכן וואלד, וואָס איז?

צי זאמלען זיך נישט דאָרט די נשמות פון פרומע הינער און פיקן האָבער, גערשטן און ווייץ פראנק און פריי און אָן א שרעק פארן מעסער?

— פיק, פיק, פיק!

זי הערט נישט...

זי איז א מאמע, און א מאמע מוז אָן זיך אליין פארגעסן! נישט אין איר לעבן גייט עס, נאָר אין זייער לעבן!

געזונט און פריש מוז זי זיי ארויסגעבן דער וועלט!

כאָטש אין א צייט ארום וועלן זיי די אייגענע מוטער נישט דער־קענען! די אייגענע מוטער אוועקטרייבן פון א פעטן בערגל מיסט.

נאָר זי וועט אירס טון...

פיק־פיק־פיק! פיק־פיק־פיק!

זי דערהערט!

---

נאָר אזוי געשווינד אויפהייבן וועט זי זיך נישט!

זי ווייסט, אז אין דרויסן איז א ווינט, א שטורעמווינט און די גיבורים אירע וועלן זיך נאָך יונגערהייט פארקילן!

— וואָס פיקט איר? צי איז אייך נישט גוט אונטער דער מוטערס שוים? נישט ווארעם, נישט זיכער אונטער אירע פליגל!

ווארט, קינדערלעך, ווארט!

נישט אייביק וועלן בלאָזן שלעכטע ווינטן, נישט אייביק וועלן זיין די וואָלקן אין הימל...

גאָט וועט זיך דערבארעמען, גאָט וועט זיינע הענער נישט פארגעסן! רייניקן וועט זיך דער הימל, שיינען וועט די זון, און עס וועט זיין א וועטער, א וועטער!

---

עטלעכע הינער, וואָס האָבן שוין לאנג ארויסגעפירט זייער יונג־ווארג אויפן הויף, קומען צו דער פארשפעטיקטער יולדת.

— מזל־טוב, מזל־טוב! ווערט א געפיקעריי.

נאָר זי ענטפערט נישט, זי וועט מיט זיי נישט פיקן... זי בייגט איין דאָס קעפל און באהאלט עס צווישן די פעדערן אויף דער ברוסט...

די הינער אנטלויפן פאַרשעמט און זי הייבט צוריק אויף דאָס קעפּל מיט חכמה און גאווה צוזאמען...

זי דאַנקט גאָט, וואָס מען האָט זי אַליין געלאָזט, אַליין מיט אירע געדאַנקען, מיט אירע גיבורים...

און דאָס האַרץ צעגייט אין איר אין נחת; וואָס פאַר א פיינע קינ־דער זי האָט! זיי זענען אוודאי גרעסער ווי אנדערע קאַפּהענער! נאָר אז די מאַמע הייסט, ליגן זיי שטיל, וואַרטן זיי, קיין איינער פּיקט שוין נישט!

קלוגע קינדער, ז י י ן גבורה און איר א י י ד ל ק י י ט, א י ר גוטקייט!

---

און גאָט ווייס ווי לאַנג די קלוגע הון וואָלט געזעסן אויף אירע גיבורים, ווען נישט די קעכן, וואָס האָט זיך אָן איר דערמאָנט און איז אריין ווי א בליץ זי אראָפּצוטראָגן פון דער שאַדאַלע!...

און אז מען האָט די „מוטער״ אַראָפּגעיאָגט פון דער שאַדאַלע, האָבן זיך באַוויזן קליינע, שוין לאַנג דערשטיקטע, איינפאַכע הינדעלעך...

---

# מיסט־חלומות



ון אַלטע שטיוול און קאַמאַשן מאַכט מען פּאַנטאָפל, און די
אויסגעשניטענע פּשישוועס און די אָבצאַסן פאַרקויפט מען
אַ שוסטער אויף לאַטקעלעך!

אין פאַרמעגלעכע הייזער, ווו פאַר דריי גראָשן איז נישט כדאי צו
רעדן מיט אַ שוסטער, וואַרפט מען זיי אַרויס אויפן מיסט. איז זיי איי־
גנטלעך בעסער, דען, אַז זיי קומען צוריק אין שוסטערישע הענט, ווערן
די שטיקער פּשישוועס נאָך אויף קלענערע שטיקלעך צעשניטן און די
אָבצאַסן צעגלידערט; פון יענע ווערט לאַטקעס צו פּשישוועס און כאָלי־
ווען, און האָבן מיט נאָל און דראַטווע צו טון; און פון די אָבצאַסן
ווערט לאַטקעס צו פּאָדעשוועס און זיי באַגעגענען זיך נאָכאַמאָל מיט
נאָל, שטיפט און האַמער, און אַזוי ווערן ביידע געשטאָכן, געלאַטעט
און דערנאָך ווייטער געטרעטען... נאָר דאָס טרעטן און שטעכן איז נאָך
גאָלד קעגן דעם מאָראַלישן אומגליק! יעדער אָבצאַס, שוין יאָרן לאַנג
פון גלייכע שטיקלעך צוזאַמענגעשלאָגן, און בפרט אַ פּשישווע „מעור־
אחד", האָבן זיך שטענדיק געפילט גוט צוזאַמען, אַצינד ווערן זיי צע־
טיילט און צעדראָבלט און זיי צעפאַלן זיך אין פרעמדע שטיוול אַריין!
אויפן מיסט האָבן זיי כּמעט מנוחה... אמת, זיי פוילן, נאָר ערשטנס —
פוילט זיך יעדערער אין גאַנצן, נישט געבענקט, אָן אַ צעריסן האַרץ; און
צווייטנס, איז לעדער אַזוי האַרט און האַרטנעקיק, און זיי פוילן אַזוי
לאַנגזאַם, אַז זיי פילן עס נישט כמעט! און, אַז עס טרעפט יאָ, אַז איי־
נער דערפילט, טראַכט ער דאָך: עט! איידער עס וועט מיך אינגאַנצן
דורכנעמען, קען נאָך אַ מלחמה ווערן... משיח קומען!

און דערווייל איז כּמעט וואַרעם! קיינער טרעט נישט, ווייל קיי־
נער וויל קיין שטיוול אין מיסט אַריין נישט שטעקן... עס טרעפט זיך,
עס פאַלט אַמאָל אַרויף אַ שיכור, שלאָפט ער זיך אויס — ואיננו! מען
ציטערט נאָר פאַר די שמאַטשאַרקעס! דאָס איז אַמאָל אַ לוסטיק פאָלק
געווען, גאַנצע שיך אַוועקגעוואָרפן, היינט קלויבן זיי שטיקלעך און טראָגן

זיי צום שוסטער! אָט, דעריבער טאַקע באַגראָבן זיי זיך טיף און טיפֿער אינעם בערגל מיסט... און טיף אין מיסט איז וואַרעם און דושנע... די אַלטע אָבצאַסן און שטיקער פּשישווע קריגן אַביסעלע היץ און פֿלוידערן פֿון וועג, און אַז מען ספּלאַווייעט דאָס מיסט אין קאַנאַל אַריין, חלומט זיך זיי — גילגול מחילות... און זיי וואָלטן אַזוי גליקלעך חלומדיק דער־פֿוילט זייערע יאָרן, ווען נישט דער שטן — דאָס מחלוקת.. . זיי האָבן קיין אחדות נישט אין מיסט: פּשישווע מיט קנאַפּל ווילן זיך נישט קענען, צוויי אָפּצאַסן פֿון איין שטיוול בלאָזן זיך אוודאי — דער רעכטער שרייט, אַז ער איז דער רעכטער, און דער לינקער — אַז ווען פּיס זאָלן תּפֿילין לייגן, וואָלט ער געהאַט בלאָע צייכנס פֿון דער רצועה! פֿון פֿאַרשידענע שטיוול איז פּונקט איינער אַ שפּיציקער פֿראַנצויז און דער צווייטער אַ פֿלאַך־שטייפֿער ענגלענדער; און, טרעפֿן זיך שוין צוויי פֿראַנצויזן אָדער צוויי ענגלענדער, באַקוקט מען זיך אַ האַלבע שעה פֿון אַלע זייטן, און אַז איינער דערזעט, אַז דער צווייטער איז מער אָפּגעשליפֿן, מאַכט ער פּליטה פֿון קבצן. און דעריבער פֿוילן זיי אין דער מאַסע אין מיסט, און דאָך איינזאַם און טרויעריק. יעדער פֿוילט, און יעדן חלומט זיך באַזונדער... און אַזוי שווימען זיי אָפּ זייער באַשערטן גילגול מחילות...

נאָר יעדן פֿרייטיק־צו־נאַכטס, ווען דער חזן זאָגט „לכה דודי" און זינגט: התנערי, מעפר קומי! דערפֿילן זיי אַ ציטערניש אין די ביינער און ווילן זיך אויפֿהויבן! נאָר יעדעס שטיק באַזונדער איז פֿאַרפֿוילט און אָן כוח, און זיך צוזאַמענעמען איז נישט מעגלעך...

און אַזוי פֿוילן זיי ווייטער משבת לשבת.

---

# דער גולם



רויסע לייט פלעגן אַמאָל באַווייזן גרויסע ניסים... אַז מען איז אין פּראָג אַמאָל באַפאַלן דעם געטאָ און מען האָט געוואָלט מטמא זיין די ווייבער, אָפּבראָטן די קינדער און אויסקוילען די רעשט; אַז עס איז שוין געווען „כלו כל הקצין", האָט דער מהר"ל אוועקגעלייגט די גמרא, אַרויסגעגאַנגען אין גאַס, צוגעגאַנגען צום ערשטן בעסטן בערגל ליים פאַר אַ מלמדס טיר, און האָט אויסגעקנעטן אַ ליימיקן גוף. — דעם גולם האָט ער אַריינגעבלאָזן אין דער נאָז — און דער האָט זיך אָנגעהויבן רירן; דערנאָך האָט ער אים איינגערוימט אין אויער אַריין אַ שם, און אונדזער גולם איז אַרויס פון געטאָ. — דער מהר"ל איז צוריקגעגאַנגען אין בית־המדרש אַריין לערנען, און דער גולם איז באַפאַלן אונדזערע שונאים, וואָס האָבן דעם געטאָ באַלאַגערט, און האָט געדראָשן ווי מיט צעפּעס... מענטשן זענען געפאַלן ווי די פליגן!

פּראָג ווערט פול מיט הרוגים... אַזוי האָט עס — דערציילט מען — געדויערט מיטוואָך, דאָנערשטיק; עס איז שוין פרייטיק, עס שלאָגט שוין צוועלף דער זייגער, און דער גולם טוט אַלץ ווייטער דאָס זייניקע.

— רבי! — האָט זיך קהל געבעטן, — דער גולם הרגעט אויס גאַנץ פּראָג! עס וועט נישט בלייבן, ווער עס זאָל שבת די אויוונס הייצן, די לייכטער אַראָפּנעמען!

דער מהר"ל האָט ווייטער מפסיק געווען פון לערנען, געשטעלט זיך צום עמוד און אָנגעהויבן „מזמור שיר ליום השבת"!

דער גולם האָט אויפגעהערט צו טון זיין מלאכה. ער איז צוריקגעקומען אין געטאָ, אין בית־המדרש אַריין, און איז צוגעגאַנגען צום מהר"ל. דער מהר"ל האָט אים ווייטער עפּעס איינגערוימט אין אויער; עס האָבן זיך דעם גולם די אויגן צוריק פאַרמאַכט, די נשמה איז פון אים אַרויס און ער איז צוריק ליימיקער גולם געוואָרן...

דער גולם ליגט עד היום באַהאַלטן אין פּראָגער שיל אין דער הויך, באַדעקט מיטן שפּינוועבס, וואָס וועבט אַרויס פון אַלע פיר ווענט, און

פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער אַרקאַדע, עס זאָל אים, דעם גולם, קיין אויג נישט זען, בפרט טראַגנדיקע ווייבער פון עזרת־נשים! דעריבער טאָקע טאָר מען דאָס שפּינוועבס נישט רירן, און ווער עס רירט דאָס אָן — שטאַרבט... די עלטסטע מענטשן געדענקען שוין נישט דעם גולם, נאָר דער חכם צבי, דעם מהר״ל אייניקל קלערט נאָך: צי מען מעג אַזאַ גולם מצרף זיין צום מנין אָדער צו מזומן...

דעם גולם, זעט איר — האָט מען דאָך נישט פאַרגעסן... ער איז דאָ! נאָר דער שם, ווי אַזוי מען זאָל בשעת הדחק דעם גולם לעבעדיק מאַכן, דער שם איז ווי אין אַ וואַסער אַריין! און דאָס שפּינוועבס וואַקסט און וואַקסט און מען טאָר עס נישט רירן. — טו עפּעס!

# ב י מ ע ר



ין א ברייטער אַלעע שטייען וויז־אַ־ווי צוויי ביימער. עס קומט דער פרילינג מיט גאָטס זעגן, מיט פריש לעבן, מיט בלומען, טוי און געזאַנג... עס קומט דער פרילינג און די טרויעריקגעבויגענע ביימער גלייכן זיך אויס. עס ווערט אַלץ וואַרעמער און וואַרעמער; די שרעקנדיקע ווינטלעך בלאָזן לייכטער, לוסטיקער און פריילעכער; די זון ווערט מילד און פאַרשווענדעריש; גאַנצע בינטן ליכט פליען אין דער לופטן, די צווייגן ווערן גרין און גרינער, זיי צעוואַקסן זיך אין אַלע זייטן און ווערן מיט בליטן און בלעטער באַדעקט.

און די רייכע גליקלעכע ביימער בויגן זיך צו איינס צום צווייטן; עס מישן זיך אויס די צווייגן. עס האַלדזן זיך די בלעטער, עס קושן זיך די בליטן! פון ביידע דערווייטערטע שטאַמען טרייבט זיך אַרויף די שפע ביז דער קרוין פון לעבן און ליבע, וואָס האָט זיי אַצינד צוזאַמענגעפּאָרט!

גליקלעכע ביימער! גליקלעכע ליבע! דער בלויער הימל איז איבער זיי די חופּה, די געפליגלטע קאַפּעלע שלעפערט זיי איין מיט זיסע טרעלן, זיי חלומט זיך אייביק גליק און פאַרגעסן זיך איינס אינעם צווייטנס אָרעם...

---

עס בלאָזט אַ קאַלטער ווינט... עס פאַלן אַראָפּ די בליטן, און די נאַקעטע בלעטער טוליען זיך דערשראָקן איינס צום צווייטן... עס בלאָזט נאָך קעלטער... די פייגל געזעגנען זיך טרויעריק און פליען אַוועק... זיי קענען אָן וואַרעמקייט און ליכט נישט זינגען, נישט לעבן... עס בלייבן נאָר קראַנקע, וואָס דער שניי וועט באַגראָבן...

דער הימל באַדעקט זיך מיט אַ גראָען וואָלקן, עס הויבן אָן פאַלן די בלעטער; גאַלע, טרויעריקע צווייגן כאַפּן זיך אויף פון זיסן שלאָף, עס פאַרשווינדן די זיסע חלומות... זיי ציען זיך איין, זיי ווערן קירצער און קירצער...

עס פאַלט דער ערשטער קאַלטער שניי, — די ביימער האָבן זיך צוריקגעצויגן איינער פון צווייטן, זיי שטייען שוין צוריק אָפּגערוקט ווייט

מיט די שטאַמען צוגלייך... זיי האָבן שוין איינס דאָס אַנדערע פאַרגעסן... אַט, שטייען זיי שוין פרעמד, קאַלט, קוקן אויף זיך מיט בייזע אויגן... און אונטן גייט אַ מערדערישע מלחמה צווישן די וואָרצלען איבער אַ טראָפּן זאַפט...

צי וועט נאָך צוריק זומער ווערן?

— איך וועל אים שוין נישט דערלעבן! — צאַפּלט און גוססט אַן איבערגעלאָזטע שוואַלב אין שניי.

— קראַ־קראַ־קראַ! — רופט לוסטיק די שוואַרצע גנבטע, די קראָ,

— עס וועט שוין קיינמאָל קיין זומער נישט זיין — און לאָזט זיך אַראָפּ מיטן שאַרפן שנאָבל צו דער פאַרפרוירענער ערד.

— פההי! אוים זומער! — בלאָזט דער קאַלטער ווינט...

---

# וועלכע?

.1

דאָס שענסטע פון אַלע שטיינבילדער אין גאָרטן איז ווענוס — די גריכישע געטין פון שיינהייט. פון ווייסן מאַרמאָר, אויף אַ גרינלעך בלאַנקן פּיעדעסטאַל, שטייט די שיינע געטין און קוקט מיט אירע פריי־אָפענע אויגן אויף אַ טעראַסע מיט פרישע רויזן און ליליען.

אין דער אַלעע באַווייזט זיך אַ ניינצן־יעריק מיידל. איר געזיכט שטראַלט מיט פרייד, די אויגן שפּריצן מיט פרישן געזונטן לעבן. זי גייט צו צו ווענוס.

מוטוויליק שפּרינגט זי אַרויף אויפן פּיעדעסטאַל — זי איז איין גרויס מיט דער געטין.

דאָס פרייט זי. זי נעמט אַרום מיט דער אַלבאַסטער־האַנט דעם מאַרמאָרנעם געטלעכן האַלדז, לייגט צו אירע פרישע, קרעלענע ליפּן צו די געטלעכע.

אַזוי שטייט זי אַ ווײַלע. און ווער עס גייט דורך פרעגט זיך:

— וועלכע איז שענער? צי די פון שטיין, צי די פון פלייש?

.2

אונטער אַ דיקע בלאַנקע שויב, אין אויסשטעלונג פון אַ מאָדע־מאַגאַזין, שטייט אַ שיינהייט, באַהאָנגען מיט מאָדע־זאַכן, נאָר אויסגעקלעפּט פון וואַקס.

די ליפּן זענען אומנאַטירלעך רויט, ווי ערשט פריש און צופיל געפאַרבט; דאָס געזיכט איז געלבלעך־מאַט. די ברייט־געעפנטע אויגן — שטאַר, אָן אַ בליק; אַמשרעקלעכסטן זענען דאָך די ברעמען; אַ רייע פון שטייפע האָר, וואָס שטייען איינס ווייט פון צווייטן...

אינעווייניק, אין האַלב־פּאַרטונקלטן לאָדן קויפן דאַמען אַלערליי בענדער.

— פרייל׳ן — מאַכט די דיקע מאַדאַם צום לאָדן־מיידל, נעמען זי דאָך אַרויס די קאַרמין־בענדער פון דער אויסשטעלונג.

דאָס מיידל פאָלגט.

איר גאַנג איז מיד און וואַקלדיק; מיט אָנשטרענגונג עפנט זי ברייט די רויטלעכע אויגן, אום נישט איינצושלאָפן אין גאַנג. דאָס געזיכט איז שיין, נאָר מאַט, געל און אָפּגעלעבט; די ליפּן רויט, נאָר, קענטלעך, פריש געפאַרבט.

זי עפנט דאָס פענצטער, בייגט זיך איבער דאָס וואַקסענע בילד און זוכט די בענדער. זוכנדיק,פאַרטראַכט זי זיך, און פאַרקוקט זיך אין דער לופט אַריין, אויף גאַרנישט...

אַזוי שטייט זי אַ ווײַלע. און ווער עס גייט דורך אין גאַס פרעגט זיך:

— וועלכע איז שרעקלעכער? די פון וואַקס, צי די פון פליש?

# פאַדליעץ

.1



רייכער מאַן פאָרט דורך און באַמערקט אַ בעטלער וואָס שטייט אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט. עס איז קאַלט און פייכט. גאָט וויים, ווי לאַנג דער בעטלער שטייט שוין און וואַרט אויף אַ נדבה.

דער רייכער מאַן קריגט רחמנות, כאַפּט אַרויס און וואַרפט דעם בעטלער אַ זילבערן צען-קאָפּיקן שטיק.

דער בעטלער קוקט אויפן אָרט, ווו די מאַנעדע איז געפאַלן און רירט זיך נישט פון אָרט. דער רייכער מאַן באַמערקט עס, — עס איז אים ווייניק — טראַכט ער.

— פאַדליעץ!...

.2

די דראָשקע איז פאַרביי. דער בעטלער זעצט זיך קרעכצנדיק אויפן טראָטואַר.

עס איז פייכט און קאַלט, און עס ברעכן אים די ביינער; די פיס זענען ווי פאַרשטאַרט... גאָט וויים, ווי אַזוי ער וועט היינט אַהיימקומען; זיי פאָלגן נישט, די הילצערנע פיס. זיצנדיק, קען ער אויך צו דער מאַנעדע נישט דערלאַנגען, ער ציט זיך איינגאַנצן אויס און שטרעקט אויס די האַנט... קוים, קוים! ער האָט זי!

ער נעמט זי צו די אויגן צו, זי איז פאַלש! און ער שרייט אויך אויס:

— פאַדליעץ!

# שוויין


ויף א גאָלד־געשטיקטער סאָפע ליגט א בלאַסע דאַמע אין א העל זיידן קלייד.

דורך די שווערע גאַרדינען פאַלט א מאַטער שיין אויף אירע קליינע שמאָלע ליפּן, וואָס קרימען זיך אויף א שווערן זיפץ. אין די טיפע בלאָע אויגן באַווייזן זיך טרערן...

עס איז איר נישט גוט... נישט דאָס האָט זי געמיינט!

ליבע האָט זי געוואָלט, אידעאַלן האָט זי געזוכט... און ער גיט איר בריליאַנטן און פּאַלאַצן...

רעדט ער מיט איר, פון געלט־זאַכן... פון פּאַדריאַדן...

ק יי נ ע ר פאַרשטייט זי נישט; נישט ער — דער מאַן, נישט זיינע, נישט אירע געסט...

און דאָס האַרץ אירס בענקט! עס קלעמט, עס פילט זיך פרעמד אין דער וועלט פון געלט, פון זילבער, גאָלד און בריליאַנטן... עס רייסט זיך צו אידעאַלן, צו... צו... צו...

עס איז איר ווירקלעך נישט גוט, כאָטש עס פעלט איר דער אויסדרוק.

זי שטרעקט אויס די ווייסע בלאַנקע האַנט, און רירט דאָס גלעקל אויפן טיש צוקאָפּנס.

עס באַווייזט זיך דאָס שטוב־מיידל.

— א טאַסע קאַפע! — באַפעלט די דאַמע.

דאָס מיידל פאַרשווינדט און קומט צוריק מיט א כינעזיש פּאָרצע־לאַנענער טאַסע אויף א שווערע זילבערנע טאַץ. דער פיינער גערוך פון פיינעם קאַפע מישט זיך אויס מיטן לייכטן היאַצינטן־גערוך אין צימער.

גייענדיק צו דער סאָפע, פאַרטשעפּעט זיך דאָס שטוב־מיידל אָן א פאַרבויגענעם עק פון טערקישן דיוואַן און — פאַלט.

עס הערט זיך א טויבער קלאַנג פון דער געפאַלענער טאַץ און פּלאַצנדיקער טאַסע.

— שוויין! שפּרינגט אויף און שרייט די דאַמע.

# עס איז דאָך נישט קיין זאַכן



ין זאַכן-פֿאבריק.

עס קומט אריין א מיידל מיט א טוץ אויסגעארבעטע וואָלענע זאָקן. זי גייט צו צום אלטן הער.

ער ווארפט א בליק אויף דער סחורה, ווייזט איר מיטן פינגער צום י ו נ גן הער.

זי גייט לויט מען ווייזט איר.

דער יונגער הער נעמט די זאָקן אין האנט אריין — געננג ווייך, דערנאָך לייגט ער זיי אויף דער וואָג, — זיי האלטן אויס. דערנאָך נעמט ער א מאָס און מעסט די לענג, די ראנד, דעם פוסבאלן — גוט.

דאָס מיידל אָטעמט אָפּ; שטרעקט אויס די האנט נאָך געלט.

— א ווײלע! מאכט דער „יונגער הער". ער נעמט פון טיש א פּאר־גרעסער־גלאָז, ווישט עס אוים און באטראכט די ארבעט.

נאָך א לאנג באטראכטן, זאָגט ער גלייכגילטיק, נאָר פעסט:

— עטלעכע פעדים איבערגעהאקט — דריי אויגן נאָכגעלאָזט... דריי פּראָצענט אראָפּ!

— אָבער... וויל זי זיך פארטיידיקן.

— קיין אָבער! האקט איבער דער יונגער הער. גיט איר א קוויט צו דער קאסע. —

די טיר עפֿנט זיך ווייטער, און עס באווייזט זיך א לאכנדיק געלב־יידל.

— גוט מאָרגן!

— גוט יאָר, ענטפערט דער אלטער הער, ביטע!

דאָס געלע יידל גייט צו צום אלטן, זעצט זיך ביים טיש.

— דאָס איז מיין זון! ווייזט ער אויפן יונגן מיט שטאָלץ.

— א סוחר! — גיט ער צו — און נאָך ווי הייסט א סוחר!

— נו, איז גוט! ענטפערט דאָס געלע יידל, — א סוחר דארף געלט!

— געלט! ציט דער אלטער מיט די אקסל.

— 15 טויזנט אין באר!

— נאָר איין פוס א ביסל קורצער — מישט זיך דער יונגער הער אריין מיט אן אונמוטיקן שמייכל.

— מען זעט קוים אָן! מאַכט דער שדכן.

— אָבער קורצער איז ער!

— נו, — מאַכט דער אלטער, — א כלה איז דאָך נישט קיין זאָק! מען קוקט נישט אויף קיין פארגרעסער־גלאָז!

---

# ווענן קינדער

## (אין צוויי דראַמאַטישע בילדער)

### פּערזאָנען:

שרה — א קראנקע אין בעט.
מאיר — איר זון, א יונגער שניידער געזעל.
מרים — זייער קרובה.
שניידער געזעלן.
א שכנה — א פרומע, אָרעם געקליידעטע פרוי פון א יאָר 40.
בית־דין שמש.
צווישן ערשטן און צווייטן בילד גייט פאַרביי א יאָר צען.

---

## ערשטעס בילד

אן אָרעם צימער.

רעכטס א טיר אין קאָרעדאָר אריין. לינקס — א פענצטער אין גאס אריין. אין דער מיטל־וואנט א פארמאַכטע טיר, פאַרהאָנגען מיט שניידער־ארבעט.

לינקס פון דער פארמאַכטער טיר: אַ געלעגער; אַ שעניק, אַ שטרויען קישן, א קאָלדרע. אלץ אלט, געצעריסן נאָר ווייס איבערגעצויגן. אין מיט שטוב — דער קראנקערס בעט. פאַרן בעט, רעכטס און אַרויסגערוקט — אן אלטער, מיט שווארצע לעדער באַדעקטער פאַטער־שטול, מיט אַ שאַל איבער דער אָנלען, און — א ווייס קישן אויפן געזעס. פאַרן בעט — אַ טישל. דערויף — מעדיצין־פלעשלעך, אַ פּאָר טעלער און דעסגלייכן. נעבן טער און אין מיט שטוב — אַן ארבעטס־טיש, אויף אים רעכטס אַ שניידערישע פוס־ניי־מאַשין, לינקס אַ האַנט־ניי־מאַשין צו וועש.

איבער דער צייט פון שפּילן — הערט זיך אָפּט א גערויש דורכן פענצטער פון גאס און דאָס קרעכצן פון דער קראנקער אין שלאָף.

---

(דער פאָרהאַנג גייט אויף).

(דאָס שפּאַנישע ווענטל איז אָפּגערוקט פון בעט).

שרה: (קרעכצט, איינשלאָפנדיק).

מרים: (פּאָרעט זיך ביים בעט; גלעט די קראַנקע און שלעפּט די איין).

מאיר: אַרבעט ביי דער פוס־מאַשין. קוקט מיט ברענענדיקע אויגן אויף מרימען און אירע באַוועגונגען ביים בעט).

מרים: (גייט אָפּ עטלעכע טריט הינטערווײַלעכטס, רוקט צו דאָס שפּאַנישע ווענטל).

מאיר: (כאַפּט צוריק די אויגן צו דער אַרבעט).

מרים: געלויבט איז גאָט — איינגעשלאָפן.

מאיר: (איראָניש) געלויבט זיין ליבער נאָמען. (קורצע פּויזע) אויף לאַנג?

מרים: דאָס געררויש פון גאַס זאָל זי נאָר נישט וועקן...

מאיר: (ביטער). זוך א בעסערע דירה!

מרים: (קוקט אויף מאירן מיט רחמנות, זעצט זיך צו דער אַר־בעט, צו וועלכער זי בויגט אַראָפּ דעם קאָפּ).

מאיר: (הויבט די אויגן אויף, קוקט אויף איר מיט א געמישטן בליק פון ליבשאַפט, ביטערקייט און צאָרן).

מרים: (דערפילנדיק זיין בליק. ווייך): האָסט עפּעס געוואָלט, מאיר?

מאיר: (געשווינד צוריק אַראָפּלאָזנדיק די אויגן און האַסטיקער אַרבעטנדיק) איך? — — געוואָלט? — אין מיין סגאַל וויל מען נישט— טאָר מען נישט וועלן.

מרים: עט! (נעמט זיך צוריק צו דער אַרבעט).

מאיר: (ביטער און בייסיק) ז׳האָט זיך באַליידיקט די פּריצה! רעד מיט איר דורך א זיידן טיכל! — — כ׳האָב נישט קיין זיידן טיכל (פּויזע).

שרה: (ווי פון שלאָף). מרים־לעבן!

מרים: (הערט זיך איין).

שרה: (וואַכנדיקער). מרים־לעבן!

מרים: כ׳גיי, מומע (גייט צו, רוקט אָפּ דאָס שפּאַנישע ווענטל) וואָס ווילסטו, מומע?

שרה: אביסל וואַסער...

מ ר י ם: (דערלאַנגט איר צום מויל).

ש ר ה: (וויל אויסבויגן דעם קאָפּ צו דער שטוב און קאָן נישט).

מ ר י ם: (וויל איר העלפן).

ש ר ה: (אָפּוועזנד) ניין... ניין... ס'טוט וויי... ס'טוט אזוי וויי... (פויזע) ער איז דאָ?

מ ר י ם: ר'איז דאָ...

ש ר ה: זייט דו ביסט געקומען זיצט ער אין דער היים!... (העכער) זאָל דיר גאָט באַצאָלן דערפאַר!

מ א י ר: ווייבער קאָנען אָן גאָט נישט לעבן!

ש ר ה: גיי צו אים, גיי... (זאָגט איר עפּעס זייער שטיל).

מ ר י ם: (שווייגט אומרואיק פארשעמט)

ש ר ה: האָסט עס געוווּסט...

מ ר י ם: איך האָב עס פארשטאַנען...

ש ר ה: נו, גיי... גיי — — צו דער מאַשין... איך וועל אפשר נאָך איינשלאָפן!

מ ר י ם: (טרעט אָפּ פון בעט, פארוקט צוריק דאָס ווענטל. זעצט זיך צוריק. פויזע).

מ א י ר: נאָך וואָס ביסטו צו אונדז געקומען, פריצה?

מ ר י ם: נישט צו דיר. די מומע האָט געשריבן... פלעגסט זי אליין לאָזן... אויף פארזאמלונגען גיין... די בריוו זענען דורכגענעצט געווען מיט טרערן.

מ א י ר: און עס האָט דיך גערירט?

מ ר י ם: נישט קיין רחמנות?

מ א י ר: א טייערער ביסן רחמנות — פאַר אַן אָרעמאַן. אַן עושר — עס ווערט אים ווארעם ביים הארץ, כאַפּט ער ארוים א קערבל און קילט זיך אָפּ. אַן אָרעמאַן מוז זיך אוועקגעבן! — אינגאַנצן!

מ ר י ם: מיין גוטער ווילן.

מ א י ר: און דאָ בלייבסטו — לאַנג?

מ ר י ם: (פעסט) איך בלייב!

מ א י ר: ביסטו א נאַר... א מיידל איז יונג, שיין...

מ ר י ם: (שמייכלענדיק דורך טרערן) שיין אויך, מאיר?

מ א י ר: (נישט אַכטנדיק) און א פרייער פויגל — איינער אליין.

מ ר י ם: ביסט שוין אמאָל געווען איינער אליין?

מ א י ר: ניין...

מ ר י ם : זאָל דיך גאָט דערמיט נישט שטראָפן...

מ א י ר : ווען איך בין אליין — —

מ ר י ם : וואָס וואָלסטו געטון?

מ א י ר : אַוועק וואָלט איך... אַוועק!...

מ ר י ם : פון דער קראַנקער מאַמען?

מ א י ר : „אליין" — האָב איך געזאָגט...

מ ר י ם : און פון מיר?

מ א י ר : — — דו וואָלסט ערשט די פליגל צעשפּרייט! אַ פריי־ער פויגל... מיט דיין שיינקייט... די וועלט וואָלט פאַר דיר אָפן געשטאַנען...

מ ר י ם : (שפּרינגט אויף פאַרציטערט) וואָס ווילסטו פון מיר, מאיר? וואָס פאַרסמסטו מיר דאָס בלוט?! (גייט האַסטיק איבער דער שטוב) ווי פיינט דו האָסט מיך!

מ א י ר : איך האָב אַלע פיינט! פאַרוואָס דיך נישט?

מ ר י ם : (שטעלט זיך פאַרין אָפּ) מיך האָסטו באַזונדער פיינט!

מ א י ר : עקסטראַ?

מ ר י ם : און ווייסטו פאַרוואָס, מאיר, דו האָסט מיך פיינט?

מ א י ר : פאַרוואָס זאָל איך דיך ליב האָבן?

מ ר י ם : דווקא פאַרקערט! ווייל דו האָסט מיך ליב! ווייל דו ליבסט מיך, האָסט דו מיך! האָסט מיך פיינט, ווי אַ קראַנק קינד האָט פיינט זיין מעדיצין... פון וועלכער עס קאָן גענעזן ווערן!

מ א י ר : אין וועלכן ראַמאַן האָסטו עס געלייענט?

מ ר י ם : ניין, מאיר! איך זע... פאַר מיר באַהאַלטסטו דיינע אויגן, אָדער קוקסט מיט האַס; און לאָז איך נאָר דעם קאָפּ צו דער אָר־בעט אַראָפּ — שוועבט שוין נאָר אַן אַנדערער בליק איבער מיין קאָפּ... גיי איך נאָר אָפּ פון דיר און דריי מיך אויס, ווערט דיין מאַשין שטילער. בלייבט זי שטיין און דיין בליק ברענט מיר די אַקסל — —

מ א י ר : משוגע!

מ ר י ם : דערווייל נאָך נישט... נאָר מען קאָן, מען קאָן משוגע ווערן — — (זעצט זיך צוריק צום טיש, פאַרבאָרגט דעם קאָפּ אין די הענט, ציטערט פון אַ פאַרשטיקט געוויין).

מ א י ר : (ווייכער) מרים!

מ ר י ם : (נעמט די הענט אַוועק) וואָס, מאיר?

מ א י ר : (געריזט) דו וויינסט?

מ ר י ם: (בעטנדיק) מאיר, האָב רחמנות! — האָב רחמנות אויף זיך אַליין... מער ווי אויף מיר... (שטעלט זיך אויף, דרייט זיך אויס, אויס־צווישן די טרערן).

מ א י ר: (שלאָגט זיך א ווײַלע מיט דער דעה, נעמט ענדלעך פון בוזעם־טאַש ארויס א פאָטאָגראפיע, דערלאַנגט איר) איך טאָר נישט, מרים!

מ ר י ם: (נעמט די פאָטאָגראַפיע מיט ציטערדיקע הענט — באַ־טראַכט — פאלט צוריק אויפן בענקל — די פאָטאָגראפיע פאלט איר פון האַנט אַרויס אויפן טיש, הייזעריק) הא? דאָס איז נידערטרעכטיק... האָסט ליב אַן אנדערע און האָסט פארשוויגן — — —

מ א י ר: (שטרענג) עס איז קיין אנדערע, מרים... מיין מאמע איז עס... מיין מאמע, מיידל־ווייז — (פויזע).

מ ר י ם: (קומט לאַנגזאַם צו זיך — מיט טרערן פאר פרייד) דיין מוטער... ווי שיין... ווי געטלעך שיין —

מ א י ר: געווען! — מיין טאטע איז אויך א שיינער געווען... אויך א שניידער געזעל, נאָר — אַנדערע צייטן, בטחון געהאט... גאָט פארלאָזט נישט... ווער עס שפייזט א ווערעמל... און א חופּה געשטעלט... צוויי מתים...

מ ר י ם: און נישט גליקלעך געלעבט — —

מ א י ר: דלות לאָזט נישט לעבן — — פון זיבן בין איך איינער געבליבן — — פון די וויגן אוועקגעטראָגן — איינס פון וואסער ארויס־געצויגן! (ווייזנדיק צו דער מוטערס בעט) און דאָס איז געבליבן פון דער געטלעכער שיינקייט... (פויזע) א לעבעדיקער מת!

מ ר י ם: (פארשטעלט זיך דאָס פּנים און וויינט).

מ א י ר: (זייער גערירט) מען טאָר נישט, מרים! עס איז א זינד... מיין טאטע פלעגט אויף דער עלטער צו רייכע ארומגיין נאָך הילף... „אויף קהלס חשבון קינדלעך און באגראָבן — האָבן זיי געזאָגט, — איז א זינד"! (פויזע).

מ ר י ם: מאיר... גאָט קאָן העלפן... האָף צו גאָט!

מ א י ר: (מאַכט אוועק מיט דער האנט).

מ ר י ם: און אפשר... אפשר...

מ א י ר: וואָס אפשר? מרים!...

מ ר י ם: אפשר וועט גאָט העלפן, עס וועט נישט זיין... קיין... קיין קינדער!

אונטערן ווענטל פאלן אראָפּ טעלער און גלעזער פון טישל.
(פאַרוואונדערטע פויזע).

מאיר: אַראָפּגעפאלן, צי זי האָט געהערט און אַראָפּגעוואָרפן!
(גייט צו צו איר מיט אויסגעשפרייטע הענט).

שכנה: (קומט אריין) (פאָרהאנג). מזל־טוב!

---

## צווייטעס בילד

(צען־צוועלף יאָר אַרום)

דאָס זעלבע צימער, באלעבאטישער איינגעריכטעט; רעכטס צוויי בעטן — לינקס — אַ קאנטאָרקע; אין מיט — א קליין גארניטור ביליק מעבל. די טיר אין צווייטן צימער אריין איז אָפן, עס זעען זיך שניידער־געזעלן ביי דער ארבעט. דאָס גערויש פון פוס־מאַשינען.

---

מאיר: (זיצט ביי דער קאָנטאָרקע איבער רעכנביכער; דענער־ווירט, בייזע באַוועגונגען) —

מרים: (זיצט אויף א בעט, דאָס געזיכט אין די הענט)

איין־שטימיק געזאַנג פון צווייטן צימער —

מיר שווערן ביי דער ליכטיקער זון — ליכט מוז זיין פאר אלע!

מיר שווערן ביים פרייען פעלד — — ברויט מוז זיין פאר אלע!

(דער רעפרען ווערט אויפגעכאַפּט פון עטלעכע שטימען),

מאיר: (רופט אין דער צווייטער שטוב אריין) שטיל זאָל זיין! נישט פאר זינגען צאָל איך מיין בלוט! (עס ווערט שטיל).

מרים: (זיפצט).

מאיר: און דו, קווענקע נישט! — נישט מעגלעך א רעכענונג צו מאכן!

(פון יענער זייט ווערט מיט אן אימפעט צוגעוואָרפן די טיר צום שלאָס).

מאיר: קלאַפּן זאָל עס אייך אין די קעפּ!

מרים: אך, גאָט, גאָט — וואָס פון א מענטש ווערט!

מאיר: שווייג!

(פויזע. דאָס געזאנג פון צווייטן צימער הערט זיך אָן ווערטער).

אשניידער־געזעל: (קומט אריין)

מאיר: וואָס אזוי שפּעט?

ש נ יי ד ע ר ־ ג ע ז ע ל : א קינד איז מיר אוועקגעפאַלן.
מ א י ר : וועל איך אָפּרעכענען א פערטל טאָג! —
ש נ יי ד ע ר ־ ג ע ז ע ל : (איבערגייענדיק צום צווייטן צימער). עקספּלואַטאַטאָר! (וואַרפט הינטער זיך צו די טיר).
מ ר י ם : (שטילער אלס פריער). וואָס פון א מענטש קאָן ווערן.
מ א י ר : (פאַרטיפט זיך אין רעכענען).
מ ר י ם : (נאָך א פויזע זייער טרויעריק און לאנגזאַם). ארויסגע־זאָגט אין א ש ל ע כ ט ע ר שעה... אין א בייזער שעה... ג אָ ט ס אויער הערט... אליין זיך פארשאָלטן... א מענטש טוט זיך נאָר אליין...
מ א י ר : ווענסט שווייגן אמאָל?
מ ר י ם : ווי אזוי רעדסטו צו מיר, מאיר? נישט אזוי פלעגסטו רעדן אמאָל.
מ א י ר : האָסט מיך געקענט... נישט געדאַרפט צורעדן... (פויזע)
מ ר י ם : היינט איז דער חופּה־טאָג געווען...
מ א י ר : א יאָרצייט!... אזויפיל יאָרן באַגראָבן...
מ ר י ם : באַגראָבן... גאָר באַגראָבן? קיין גליק איז גאָרנישט געווען? האָסט מיר גאָרנישט קיין גוטס צו פאַרדאַנקען... מאיר!
מ א י ר : (געריירט). פאָלג מיך, מרים — רעד נישט דערפון... אזוי קען נישט זיין... עס קען אזוי נישט בלייבן... און וואָס? ! מיר זענען דאָך נישט צוגעשמידט מיט אייזערנע קייטן.. לאָמיר זיך נישט שווער מאַכן דעם לעצטן טאָג... נעם בעסער דעם שאַל, גיי אראָפּ, קויף עפּעס איין...
מ ר י ם : (וויל עפּעס זאָגן).
מ א י ר : רעד מיך נישט איבער... עס מוז אמאָל קומען די צייט... און וואָס שפּעטער איז ערגער — פאַר דיר... ד יי ן טובה מיין איך... גיי, מרים, גיי. לאָמיר נאָך היינט צוזאַמען מיטיק עסן...
מ ר י ם : (רעזיגנירט). גוט... איך גיי. (הויבט זיך אויף, נעמט דעם שאַל, גייט, וואַקלענדיק, איבערן צימער צו דער טיר).
מ א י ר : (מאַכט זיך גלייך ער איז צוריק פאַרטיפט אין חשבונות).
מ ר י ם : (אין טיר). צו ווידערזען!
מ א י ר : (ענטפערט נישט, גלייך ער הערט נישט).
מ ר י ם : (וואַרפט אויף אים א געבעט־בליק).
מ א י ר : (דערפילט דעם בליק און לאָזט נידעריקער דעם קאָפּ איבערן בוך אראָפּ).
מ ר י ם : (וויל זיך צעוויינען, גייט געשווינד אַרויס).

מ א י ר : (אָטעמט אָפּ). אָ! (שטייט אויף, גייט האסטיק איבער דער שטוב). אוים אייזן מוז מען זיין — — — און וואָס? כ'וועל זי דאָך פארזאָרגן — — — עס מוז זיין א סוף —

א  ש נ יי ד ע ר־ג ע ז ע ל : (קומט פון צווייטן צימער). באַלעבאָס, איך מוז היינט אהיימגיין פריער —

מ א י ר : (האסטיק). גיי!

ש נ יי ד ע ר ־ ג ע ז ע ל : (קוקט פארוואונדערט. נאָך א ווײַלע) גיט מיר א רובל אוואנס!...

מ א י ר : (האסטיקער). מאָרגן, מאָרגן — גיי... גיי!

ש נ יי ד ע ר ־ ג ע ז ע ל : (ציט די אקסל, גייט ארויס).

(דורך דער אָפענער טיר הערט זיך א שטיל־געצויגן געזאנג:)

עס יאָגן ס'ציען שווערע וואָלקן,

עס בלאָזט און פייפט דער ווינט!

פון סיבירישן שיקט דיין טאטע — —

מ א י ר : (מיט קנאה). מענטשן זינגען. (גייט צו, פארמאַכט לאנג־זאם די טיר).

(עס הערט זיך די מעלאָדיע אָן ווערטער)

(מאיר גייט אויף און אָפּ — גערירט).

ש כ נ ה : (קומט אריין). גוט מאָרגן!... (בלייבט שטיין אין טיר).

מ א י ר : (זויער). גוט יאָר... איר זוכט מיין ווייב? ארויס־געגאנגען...

ש כ נ ה : כ'ווייס... איך האָב זי אראָפּגעפירט פון די טרעפּ, זי איז אזוי שוואַך... (פויזע) אונטן האָט זי זיך צעוויינט. (פויזע).

מ א י ר : (פארציט א הארט פּנים). נו, איז וואָס?

ש כ נ ה : ווארט א רגע. (לויפט איבער דער שטוב, עפנט דאָס צימער צו די שניידער־געזעלן.)

מ א י ר : (צעלאכט זיך), הא־הא־הא! מורא געהאט פאר יחוד.

ש כ נ ה : (צוריקגייענדיק). איך ווייס, איר וועט אויף מיר קיין בעלן נישט זיין... נאָר, אז די הייליקע תורה זאָגט: ניין! איז — ניין!

מ א י ר : הכלל —

ש כ נ ה : הכלל עס איז א רחמנות!

מ א י ר : אביליקע זאך — רחמנות! — און אויף מיר איז קיין רחמנות נישט? (ארויספלאצנד) און פאר וועמען הארעוועט מען? פאר וועמען רייסט מען איין די וועלט? שינט מען — —

א געזעל: (פון צווייטן צימער). ביי'ם ארבעטער די הויט!
מאיר: (ווייזט א פויסט צו דער צווייטער שטוב).
שכנה: אוי ר' מאיר, ר' מאיר — איר רעדט אלץ פון עולם הזה, וואָלט איר כאָטש גערעדט וועגן א קדיש — איבער הונדערט און צוואנציק יאָר פאר דער נשמה וועגן!...
מאיר: זאָל זיין דאָס —
שכנה: אויף איר איז אָבער מער רחמנות — אזא גוטע נשמה.
מאיר: פארענדערט דאָס קול, איינשמייכלדיק) זעצט אייך, שכנה (זעצט זיך צום טיש) — אדרבה — איר האָט רחמנות, איך האָב אויך רחמנות — „א גוטע נשמה", זאָגט איר, איך זאָג גאָר: א כשרע נשמה... אָבער עס מוז דאָך א סוף זיין — —
שכנה: אוודאי איז שלעכט...
מאיר: א קונץ צו זאָגן „שלעכט"!... אז מען איז אָבער א שכנה, און מען האָט רחמנות, מאכט מען שלום...
שכנה: (פארוואונדערט). איר קריגט אייך דען?
מאיר: כ'מיין — —
שכנה: ניין, ר' מאיר... שלום מאכן טאָר איך נישט... קענען דער תורה הקדושה... א שבּאָס די ערשטע מצווה!
מאיר: (אומגעדולדיק). נישט דאָס מיין איך... שלום צום גט!...
שכנה: חס-ושלום, חס-ושלום! א פינגער אין שפּאַלט פון טיר לייג איך נישט...
מאיר: (בעז, שטייט אויף). נו, גייט מיר געזונטערהייט.
שכנה: (שטייט אויף, גייט. דרייט זיך אום שוין אין טיר). פון דעסטוועגן פאָלגט מיך, ר' מאיר — פרעגט א שאלה... אפשר וועט מען מתיר זיין — וואָס תלמידי חכמים קענען...

א שטימע פון הויז: גייסט אין שטוב אריין? ס'קינד רייסט זיך! —
שכנה: איך גיי, איך גיי. (אָפּ).
מאיר: (נעמט זיך מיט געוואלט צום חשבון, רעכנט הויך) 7 און 5 איז 12 און 9 איז 32 (שטילער, דערנאָך) 67 און 68 — (בעז) א שוואַרץ יאָר — עס דרייט אין קאָפּ... סאמע טעותים — בדיל הדל וועל איך ווערן — אן עק מוז עס האָבן!
מרים: (קומט צוריק, נישט איינגעקויפט, וואקלט זיך צו צום בעט, וויל זיך לייגן). כ'האָב נישט איינגעקויפט.

מ א י ר : (שטרענג). כ׳האָב דיר שוין נישט איינמאָל געזאָגט, בייטאָג לייגט מען זיך נישט... ס׳קען א סוחר קומען —

מ ר י ם : פאַרוואָס מאַטערסטו מיך נאָך, מאיר?

מ א י ר : ווער מאַטערט דיך? ווייסט, מענטשן קענען קומען. עס מוז אויסזען לייטיש... א נישט גיט מען קיין קרעדיט! געשעפט איז געשעפט! — — און דו ווייסט, ווען נישט דאָס, וואָס דו ווייסט, וואָלט איך א ניי שפּאַניש ווענטל געקויפט... דער מאַמעס, עליה השלום, איז צע־ריסן, א חרפּה. — —׳

מ ר י ם : (וויינענדיק). וועסט קויפן, וועסט קויפן! פאַר אַן אַנדערע...

מ א י ר : (שטייט אויף) אַ מענטש דאַרף זיין א מענטש! און וואָס? וואָס פאַר אַן אומגליק? (גייט נענטער צו) כ׳לעבן, גאָרנישט! וואָס איז? חס־ושלום, אזוי אַלט ביסטו? (נעמט א בענקל, זעצט זיך רייטנדיק, פאָרט צו אויפן בענקל נענטער צום בעט) גלויב, מיר, מרים, די וועלט איז א וועלט... די זון איז דיר נישט אונטערגעגאַנגען, חס־ושלום! א שיין ווייבל, ברוך־השם, ביסטו דאָך — זאָלסט דיך נאָר נישט אזוי אָפּלאָזן!... אויגן האָסטו... נאָך וואָס פאַר אויגן!... זאָלסט זיי נאָר נישט אזוי אויס־וויינען — א שאָד אזוינע אויגן — —

מ ר י ם : (וויינט שטיל). וואָס דו רעדסט, מאיר!

מ א י ר : און א פּאָר הונדערטער וועסטו באַקומען...

מ ר י ם : (שפּרינגט אויף) שלאַנג!

ב י ת ־ ד י ן ־ ש מ ש : (קומט אריין). גוט מאָרגן — דער רב שיקט רופן —

מ א י ר : ארויסשרייענדיק), אזוי פרי?

(פ אָ ר ה א נ ג)

---

# דאָס קראַנקע ייִנגל

(מאָנאָלאָג)



אמעשי, איך וויל דיר אויסזאָגן א סוד; דער עיקר — דער טאטע זאָל נישט וויסן!

פרעגסט פארוואָס? ווייל דער טאטע האָט מיך ווייניקער ליב...

ניין, מאמעשי, איך זינדיק מיט די רייד; ווייניקער ליב האָט ער מיך נ י ש ט; ער האָט מיך נאָר א נ ד ע ר ש ליב!

ער איז דאָך א טאטע, איז ער שטרענגער...

דער טאטע האָט א לאנגע באָרד; א טאטנס פּנים איז נישט אזוי צום גלעטן, ווי דער מאמעס אטלאסן פּנים... און אויגן האָט ער גאָר אנ־דערע, גאָר אן אנדערן בליק; דו, אז דו קוקסט אויף מיר, האָסטו עפּעס אזוינע לאכנדיקע, דערביי פייכטע — — האָסטו עפּעס אזוינע גוטע, און דערביי הארציק־רחמנותדיקע אויגן... דו ביסט א מאמע מיט א חבר צוזאמען... פאר דיר קען איך קיין סוד נישט האָבן... מיט די אויגן שעפּ־סטו מיר אים פון הארץ ארויס...

דער טאטע קוקט גאָר אנדערש, שטענדיק ערנסט, מכלומרשט קאַלט.

ניין, מאמעשי, עס זענען גאָר אנדערע, אנדערע אויגן!

קינדווייז, מאמעשי, פלעג איך ווייניקער מורא האָבן פארן טאטן. איך געדענק, ווי איך פלעג אים ארויפשפרינגען אויף די קניען, צעשוי־בערן דעם גאנצן קאָפּ, צעבערשטן און פארפלעכטן די באָרד, איבערבייגן די ליפּן, און אז ער האָט געוואָלט אָפּשטעלן א בייזעריקן בליק, האָב איך אים גאָר אראָפּגעדריקט די ברעמען און די אויגן פארמאכט... היינט קען איך נישט...

איינמאָל, הערסט, מאמעשי, קראנקערהייט, האָב איך מיך אמאָל אויפגעכאפּט, און איר ביידע זענט געשטאנען ביי מיר ביים בעט... דו האָסט אזוי שטיל, אזוי הארציק־שטיל געוויינט... און דער טאטע... מא־מעשי! דעם טאטנס פּנים איז אזוי שרעקלעך געווען... איך האָב געזען אז

ער איז בייז דעמאָלט אויף גאָט! פאַר שרעק האָב איך צוריק די אויגן פאַרמאַכט — — —

פון דעמאָלט אָן קען איך נישט צוטרעטן צום טאַטן ווי אַמאָל... עפּעס האַלט מיך איין; אָפט וויל מיר דאָס האַרץ אים אַנטקעגן שפּרינגען, אַנטקעגן לויפן, נאָר איך קען נישט!

מיינסט, איך האָב דעם טאַטן ווייניקער ליב... זאָל גאָט היטן... איך האָב דעם טאַטן זייער ליב. איך קריג אים מיט יעדן טאָג, מיט יעדער מינוט ליבער... אַז ער גייט צו מיר צו, קלאַפּט מיר דאָס האַרץ פאַר פרייד; ציטערט אין מיר די נשמה פאַר האָפענונג: אָט וועט ער מיך אָנעמען ביי דער האַנט, אָט וועט ער מיך צודריקן צום האַרץ...

ביי דיר ציטער איך נישט... דו האָסט מיך שטענדיק און גלייך ליב... האָסט שטענדיק צו מיר צייט, דו האַלדזט מיך און קושט מיך יעדע מינוט... דו ביסט שטענדיק, שטענדיק מיין... דער טאַטע האָט אַזוי פיל געשעפטן...

איך ווייס, ער וויל איך זאָל זיין רייך!

---

ווילסט שוין, מאַמעשי, וויסן דעם סוד?

איך שעם מיך!

פאַר אַ מאַמען, — זאָגסטו — דאַרף מען זיך נישט שעמען? אמת... דאָך... ווייסטו וואָס, מאַמעשי? אָט, זעץ דיך דאָ אויף דעם שטול, קעגנ־איבער דעם פענצטער... גוט אַזוי!

אַך, ווי שיין די זון גייט אונטער, ווי שיין ליגן זיך אירע לעצטע רויטלעך־נעפּלדיקע שטראַלן אויף דיין איידל, בלאַס פּנים...

אַך, מאַמעשי, ווי שיין, ווי איידל שיין, דו ביסט!

וואַרט... אַצינד וועל איך מיך זעצן דיר צופוסנס... דו זאָלסט מיר ביים דערציילן אין פּנים אריין נישט קוקן... אויפן פוסן־בענקעלע וועל איך זיצן און אַרויסקוקן פון פענצטער...

ניין... נישט גוט אַזוי! איך וועל מיך שעמען פאַר דער זון... זעסט, אינמיטן טאָג ברענט זי, פאַרנאַכט געזעגנט זי זיך מיט אונדז אַזוי טרויעריק, אַז איך שעם מיך פאַר איר צו רעדן פון זיך...

איך וועל אָנשפּאַרן מיין קאָפּ אויף דיין שויס... איך וועל די אייגן פאַרמאַכן, און דו — דו לייג נאָך אַרויף דיין האַנט מיר אויפן שטערן...

איז דיר נישט שווער, מאַמעשי, מיך צו האַלטן אויף דיין שויס? ניין?

זעכצן יאָר איז אַלט דיין קינד און האָט אַזא אַזא קליין, אַזא ליכט קע־פּעלע... און איך אינגאַנצן — — —

קרעכץ נישט, מאַמעשי! גאָט האָט מיך נישט פאַרטיילט... ער האָט מיר ווייניק פּליש, דערפאַר פיל אַנדער גוטס געגעבן... דיך, דעם טאַטן... טעג און נעכט מיט וואונדערלעכע חלומות... און היינט — אַ סוד...

אַצינד זע איך נישט... מיט געשלאָסענע אויגן וועל איך אפשר קע־נען דערציילן... איך וועל פּרוּוון...

עס איז אַזוי ש ו ע ר . . .

דאַכט זיך — גאָרנישט, אַ נעץ פון עטלעכע וואונדערלעכע שטראַלן — און דאָך ליגט עס מיר אויפן האַרץ ווי אַ שטיין... נישט ווי אַ קיזל־שטיין... עס איז נישט קיין שטיין פון גאַס, צי פון פעלד...

עס איז אַ ט ײ ע ר ע ר שטיין... עס שטראַלט... עס לייכט...

עס ליגט ביי מיר טיף אין האַרץ און זייעט אַרום און אַרום אין אַלע גלידער אַריין אַזוי פיל ליכט, אַזוי פיל הימלעכע, וואַרעמע, לעבעדיקע ליכט...

עס זאָל נאָר נישט אויסלעשן, מאַמעשי!

עס לעשט זיך אַזוי פיל אויס! . . .

---

הערסט, מאַמעשי!

ניין, וואַרט! אַזוי פּראָסט צוגיין צו דער זאַך קען איך נישט . . .

נאָר הער! געדענקסט, מאַמעשי, נעכטן האָסטו מיר קליין־געלט גע־געבן? געדענקסט?

איך האָב נאָך גאָרנישט אויסגעגעבן און עס פעלט מיר שוין...

עס פעלט מיר אַ צענערל!

צי איך האָב עס פאַרלוירן? ניין . . . דו גיסט דאָך מיר פאַר אָרעמע לייט, פאַר אָרעמע קינדער, וואָס איך טרעף אויפן שפּאַציר... אָרעם געלט וועל איך נישט פאַרלירן.

צי איך האָב עס אַוועקגעגעבן? געוויס... צי אַן אָרעמאַן? איך ווייס נישט... אפשר יאָ און אפשר ניין... הער, וועסטו אפשר וויסן!

נעכטן איז אויך שיין אונטערגעגאַנגען די זון... אפשר שענער...

דו האָסט מיך אויסגעלערנט קוקן, און איך קוק און זע, וואָס אַנ־דערע פון מיינס גלייכן זעט נישט... דעריבער שפּאַציר איך געוויינלעך אַליין... און שפּאַצירט האָב איך הינטער דער שטאָט, דאָרט, וווּ מען זעט זי אינגאַנצן אַרום ביים טייך, ווי דו ווייסט... די הייזער הויבן זיך אַלע

העכער און העכער, איינס איבערן צווייטן, איינס איבערן צווייטן... די, וואָס שטייען ווייטער, ווילן אריבערקוקן, גאָטס וועלט זען, און הויבן זיך, וואָס ווייטער אַלץ העכער און העכער, און די זון, אונטערגייענדיק, קוקט אויף זיי, שפּרייט אויף זיי אויס די לעצטע שטראַלן... געזעגנט זיך... קושט זיי...

און איך זע, ווי די שאָטן יאָגן אונטער די שטראַלן און לייגן זיך אַלץ דיקער און דיקער, און פליסן, און זאַפּן זיך איין ווו נאָר זיי קענען; זיי פאַרפילן אַלע לעכער צווישן די הייזער, אַלע פרייע ערטער צווישן די מויערן, און הויבן, און טרייבן דאָס רויטלעכע לעצטע ליכט אַרויף, אַרויף, צוריק אין הימל אריין... „אין אייער רו אריין, שטראַלן, אצינד איז אונדזער צייט!... אַ גוטע נאַכט!”...

און פּאַמעלעך ווערט אַלץ טונקעלער און טונקעלער, און דער הימל ווערט טיפער און טיפער... באַלד וועלן זיך איינס נאָכן צווייטן אָנצינדן די שטערן... אַזוי קוקנדיק, בין איך געקומען צו דער סטאָליאַר־גאַס, צו דער הינטער־גאַס וואָס לאָזט זיך אַלץ טיפער און טיפער אַראָפּ... ביז צום טייך, נישט ווייט פון דער גרויסער שיל...

איך בין צוגעגאַנגען נענטער צו דער שיל.

בייטאָג זעט זי שרעקלעך אויס... אָרעם, אָפּגעריסן, פאַרשוואַרצט... די אויסגעהאַקטע שויבן ווילן די שפּינען פאַר רחמנות פאַרוועבן און פאַר־שטעלן... און — קעגנאיבער, אויפן באַרג, אין אָנהויב גאַס, שטייט דער הויכער, שפּיציקער קלויסטער און לאַכט...

פאַרנאַכט האָט די שיל גאָר אַנדערש אויסגעזען... דאָס ערשטע מאָל האָב איך זי אַזוי געזען... אַ לייכטער, ליבלעכער, טונקל־בלויער געפיל האָט זי אַרומגענומען... די אויסגעהאַקטע פענצטער זענען נישט בלינד געווען... זיי האָבן ערנסט און טיף געקוקט אין דער וועלט אַריין... אין דער הויף די געזימסן האָבן געלעבט, כמעט גערירט זיך... עטלעכע לייבן פון געזימס האָבן זיך געוואָלט אָפּרייסן פון דער וואַנט... אָט, אָט, הויבן זיי אָן ברילן!

מיינסט, אַז דאָס איז דער סוד? אָ, ניין, מאַמעשי! דאָס, אייגנטלעך, האָב איך ערשט אצינד געזען, ערשט אצינד מיט די נעכטיקע אויגן.

אָך, מאַמעשי, ווען איך זאָל זיין רייך!...
וואָס איך וואָלט געטון?
איך וואָלט אויפגעריכט די שיל!

איך וויל, זי זאָל אויך זיין הויך, זי זאָל אויך שפּאַרן אין הימל אריין; און זי מוז זיין ה ע כ ע ר, ווייל זי שטייט נידעריקער! און א גאָל־דענעם דאך זאָל זי האָבן, און קרישטאָלענע פענצטער!

הערסט, מאמעשי, איך קלער מיר אזוי: אָן א שיל קען מען זיך באגיין, גאָט איז דאָך אומעטום... ווו עס פאלט א טרער, זעט ער! ווו עמעץ הויבט די אויגן אויף צו אים, זעט ער! ווו עס קרעכצט א טרויעריק הארץ הערט ער!... נאָר האָט מען אַ שיל, מוז זי זיין הויך, שיין און שטראַלנדיק ערנסט.

אַזוי האָב איך נעכטן אויך געטראַכט. אינמיטן — דערהער איך אַ געוויין! א שטיל טרויעריק געוויין... זיס און טרויעריק, עפּעס אזוי הארציק...

דו, אז דו שפּילסט ציסטו אמאָל פון פּיאנאָ ארויס אזא געוויין...

און איך האָב געמיינט, מאמעשי, — דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך געוואָלט מיינען, איך האָב מיך אמישנע נישט אומגעקוקט, איך זאָל קע־נען וואָס לענגער מיינען, — אז דאָס וויינט און ברומט פון דער שיל ארויס... אז דאָרט אינעווייניק זיצט, אין א לייכט ־ בלויען נעפּל איינ־געהילט, די נשמה פון דער אָרעמער שיל און וויינט, און ברומט...

און זי קלאָגט זיך, וואָס די זון פארטיילט זי... וואָס זי שיט גאנצע בונטן גאָלדן ליכט אויפן קלויסטער־דאַך און איר קאַרגט זי אַ שטראַל... ווארפט איר אינמיטן שיינעם, העלן טאָג, ווי א נדבה, קוים א בלאסן שטראַל... און די גליטשט זיך איבער איר און גנבעט זיך באַלד אוועק ווי פארשעמט!...

און דאָך איז עס נ י ש ט געווען די שיל...

---

עס איז א קליין מיידעלע געווען... זי איז געלעגן אויפן זאַמד, האָט עפּעס געזוכט און געוויינט...

אז איך האָב מיך אומגעקוקט, האָב איך נאָר איר אלט־אָפּגעריבן קליידל, ווי א טונקל־גרויען פלעק אויפ'ן געלן זאמד געזען... א פּאָר אויסגעקרימטע שיך!...

נאָך עפּעס האָב איך געזען . . .

מאמעשי... איך שעם מיך... עס ווערט מיר עפּעס אזוי ווארעם... שטעל דיר פאָר א פאליע רויטע, רויט־פלאמענדיקע האָר... עס האָט פונקען געשלאָגן...

„וואָס וויינסטו, מיידעלע, וואָס זוכסטו אין זאמד?...

הערסט, די מוטער האָט איר א צענערל געגעבן, עפּעס קויפן גע־שיקט; האָט איר עמעץ, דורכגייענדיק, אונטערגעשלאָגן די האנט, דאָס צענערל איז אין זאמד אריין... דעריבער וויינט זי...

איך זאָל איך־ווייס־וואָס פארלירן, וואָלט איך נישט געדארפט וויינען...

איך פרעג זי: א גרויסן צענער צי א ווייס צענערל?

— א ווייס! — זאָגט זי און קוקט זיך אפילו נישט אום.

— איך וועל דיר העלפן זוכן, — זאָג איך.

איך בויג מיך אראָפּ, מאך מיך זוכנדיק, און געפין איר א ווייס צענערל.

„נא!"

זי איז אויפגעשפּרונגען פאר פרייד. מיט א ריר מיטן קאָפּ האָט זי צוריק ארונטערגעוואָרפן די רויטע פּאליע האָר... ווי פון אונטער א וואָלקן איז ארויס א קליין, אלבאסטער־ווייס פּנים... מיט אויגן — מאמעשי — מיט אויגן...

ניין, מאמעשי, די אויגן קען איך דיר נישט אויסמאָלן...

עס האָט אין זיי געבליצט אזוי פיל פרייד — — —

א גאנצע נאכט האָבן זיך מיר די אויגן געחלומט... א גאנצע נאכט...

---

אָט, דאָס איז, מאמעשי, מיין גאנצער סוד.

דו שמייכלסט?

לאך נישט, מאמעשי, די אויגן וועל איך קיינמאָל נישט פארגעסן...

---

מאמעשי — — —

מעג איך שפּאצירן אויף דער סטאָליאר־גאס, קוקן —

אויף דער אלטער שיל? — —

— — — — — — — — — — —

# די ווילדע בריאָה

## ד ע ר צ ײ ל ו נ ג



אָס ערשטע מאָל אָטעמט זי אָפּ פריי; דאָס ערשטע לאָזט מען זי ארויס אין גאס אריין... און זי טאנצט ארום אין שניי! וואָס זומער איז געווען, געדענקט זי נישט. אונטערן קורצן שטערן, מיט דער גרינלעכער הויט באַדעקט, איז דאָ ווייניק פּלאץ אויף אַ גוטן זיכרון, די ליכטיקסטע איינדרוקן ווערן באַלד טונקל און פארלאָשן. זי אליין ווייסט אפילו נישט, ווי אלט זי איז. און קוקנדיק אויף איר איז אומעגלעך אירע יאָרן צו שאצן. זי זעט אויס דיק — דאָס איז אָבער נאָר דאָס בייכל אויפגעלאָפן. — די ברוסט איז איינגעפאלן, דאָס קעפּל קליין, די הויט אויפן פּנים קנייטשט זיך, נאָר זי איז אינגאנצן צו דין און קליין, מען זאָל זי רעכענען עלטער ווי 9—10 יאָר. דאָס אויסזען טוישט זיך ביי איר אַלע מינוט; נאָך אַ קינדיש-ליכטיקן שמייכל, לייגט זיך אויפן אַלטן פּנים אן איינגעשפּארטער באָסט; טיילמאָל פארקרימען זיך איר די ליפּן און די אויגן ברענען אומהיימלעך אונטער צוזאַמענגעצויגענע, כאָטש ווייניק באַוואקסענע ברעמען. אירע געדאנקען בינדן זיך נישט איינער אָן צווייטן, נאָר ווארפן זיך דורך און טוישן זיך אָן א שום צוזאמענהאנג...

און זי איז נישט אזוי געבוירן... די באבע, וואָס האָט זי אָפּגענומען, האָט געזאָגט: „א שיין קינד!‟ די ערשטע פּאָר יאָר האָט זי גוט געוואקסן. זי האָט פריער די ברוסט, דערנאָך די מוטער, דערנאָך דעם פּאָטער און שפּעטער אַלץ אין שטוב דערקאָנט; די שוואַרצע אייגעלעך זענען איר אַלע טאָג העלער און רירעוודיקער געוואָרן. נאָר דאָס האָט נישט לאנג געדויערט. אין א צייט ארום הויבט זי אָן גיין צוריק... דער שכלדיקער פונק וועקט זיך איר אין די אויגן אַלע מאָל זעלטענער... ווייניקער געדענקט זי די זאַך. דער פּאָטער איז שוין אַוועק אַ יאָר פינף, דאָך געדענקט זי גאנץ גוט ווי ער פלעגט זי האלטן אויף דער שויס און קושן און די מוטער האָט זי אים אויסגעריסן פון דער האנט, ער זאָל איר נישט

אויסקושן די נשמה. טיילמאַל געדענקט זי, איז זי ביי דער מוטער געזעסן און דער פאָטער איז געשטאַנען ביי דער מוטער הינטער די פּלייצעס און האָט זיך באַוויזן אַלע מאָל אין אַן אנדער זייט: קוקו! קוקו! — די שטוב, די פּנימער זענען אַזוי ליכטיק און וואַרעם געווען...

דערנאָך האָט דאָס אָבער אויפגעהערט. עס איז עפּעס געוואָרן שטיל און טרויעריק און טונקל. די שטוב איז עפּעס ליידיק געוואָרן, דער פאָטער פלעגט א סך מאָל שרייען, די מוטער וויינען; טיילמאָל האָט מען אַזוי הויך געשריגן, אַז זי פלעגט אַנטלויפן אין אַ ווינקעלע און באַהאַלטן זיך פאַר שרעק. אין א צייט אַרום האָט מען זי אָנגעהויבן שלאָגן, דער־ביי אַלע מאָל ווייניקער צו געבן עסן... דערנאָך איז דער פאָטער געשטאַ־נען אין שטוב פאַרפינצטערט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, די מוטער האָט באַהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט און האָט זיך געוואָרפן מיטן גאַנצן קערפּער... דער פאָטער האָט שטיל געזאָגט: „איך וועל שיקן געלט"! און האָט זיך איבערגעדרייט און אַרויסגעגאַנגען... ער איז באַלד נאָכאַמאָל אַריינגעקומען, נאָר זי האָט אים שוין קוים דערקענט, אַזוי בלאַס, אַזוי איינגעבויגן איז ער געווען... ער האָט געקוקט אַ פּאָר מינוט אויףביידן און איז נאָכאַמאָל שוין אויף שטענדיק אַרויס פון שטוב...

פון דעמאָלט אָן איז די צייט פאַר איר אַ שטיק וועגס אין אַ פינצ־טערער נאַכט, אַ מין שלעפּן זיך אין אַ וויסטעניש, אָן אַביימל, אָן אַ בלימל... הונגער און קעלט אָדער אַ הייסע קאַרטאָפליע און קוים דער־וואַרעמט זיך אין בעט...

נאָר אַצינדערט שמייכלט זי... דאָס ערשטע מאָל, (דאַכט זיך איר), האָט מען זי אַרויסגעלאָזט פון דער תפיסה.

אַ גאַנצן ווינטער האָט זי די מוטער נישט אַרויסגעלאָזט פון שטוב. ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז די שטוב געווען. די פענצטער פאַר־קאָוועט, די טיר פאַרשלאָסן, נאָר ביים בעט, אויף אַ שטיקל לייוונט, איז געווען גרייט פאַר איר עפּעס צו עסן: אַ שטיקל ברויט, טייל מאָל אַ בייגל, אַ נעכטיקע געבראָטענע קאַרטאָפליע... דאָס אַלץ איז געווען קאַלט און זי פלעגט עס צו דערוואַרעמען אין בעט און דערנאָך עסן... אַזוי פלעגט זי אָפּליגן אַ גאַנצן טאָג. ביינאַכט ערשט איז געקומען די מוטער, געמאַכט אַביסל פייער און אָפּגעקאָכט אָדער געבראָטן פרישע קאַרטאָפּ־ליעס. טיילמאָל פלעגט די מוטער אַהיימקומען גאָר שפּעט. וואַרטנדיק אויף איר, פלעגט זי טיילמאָל וואָרפן זיך און שרייען פאַר הונגער, אַרויסשפּרינגען פון בעט און באַרוועס אַרומלויפן אין שטוב און רייסן

זיך די האָר, נאָר פאַר דאָס פלעגט איר דאַמאָלס די מוטער ברענגען עפּעס גוטע, זיסע, אָדער פעטע זאַכן... אַמבעסטן איז געווען ביינאַכט, די מוטער האָט זיך צו איר געלייגט. פריער איז געוואָרן שרעקלעך קאַלט, נאָר עס איז אַלעמאָל וואַרעמער געוואָרן און זי פלעגט זיך צודריקן צו דער מוטער אַלץ פעסטער און פעסטער. מיט דער צייט האָט זי זיך צו־געוווינט צו שלאָפן ביי־טאָג און צו וואַכן ביינאַכט. אין אָנהויב נאַכט איז נישט גוט געווען; פאַרן איינשלאָפן האָט די מאַמע שטאַרק געוויינט, נאָר דערנאָך איז געוואָרן וואַרעם און שטיל און זי איז געלעגן און געלעקט די פינגער און געקוקט אין פענצטער אַריין... אויפן פענצטער זעט זי אַלערלייביימער. דורך זיי רייסט זיך אָפּט אַריין אַ ליכטיקער שטראַל און איר דאַכט זיך, אַז דער פאָטער שטייט הינטערן פענצטער און שמייכלט.

טיילמאָל איז זי בייז געוואָרן אויף דער מוטער, וואָס לויפט אַרום אַ גאַנצן טאָג אין גאַס און האַלט זי אין תפיסה; דעמאָלט האָט זי נישט געוואָלט עסן, נישט אַריינגעלאָזט די מוטער אין בעט און טיילמאָל גע־וואָלט זי נאָך דראַפּען און בייסן... נאָר איר אייגענער הונגער און דער מוטערס טרערן האָבן זיך איבערגעדבערט... זי עסט, וואָס די מוטער האָט איר געברענגט און פרעגט נאָך אַלץ אין כעס: — וואָס לויפסטו — האַ? (זי רעדט שלעכט און שווער). אומזיסט וויל איר די מוטער געבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס לויפן איז נישט פאַר נחת, אַז זי לויפט אַרום צו „פאַרדינען", עס זאָל זיין וואָס צו עסן. די קליינע פאַרשטייט נישט, וואָס מען מיינט „פאַרדינען". נאָר זי האַלט זיך נישט לאַנג ביי איין זאַך און פאַרגעסט אָן אַלעס. טיילמאָל וועקט זי דאָך אויף די מוטער אינ־מיטן דער נאַכט: „וואָס פאַרדינען?" עס געדויערט לאַנג, איידער די מוטער רייסט אויף די אויגן, דערנאָך בעט זי זיך ערשט: טאָכטער, לאָז מיך שלאָפן. נאָר אָפּזאָגן טאָר מען איר נישט, זי איז איינגעשפּאַרט און וועט באַלד אָנהייבן צו בריקען. די מוטער מוז איר דערציילן, אַז זי גייט אַרום פון הויז צו הויז, און זוכט, אויב עס איז נישטאָ עפּעס אַן אַרבעט: פּאָמיעס אַרויסגיסן, ביי דער קיך העלפן, אַ גאַנג גיין... זי הערט נישט אויס אינגאַנצן און האַקט פּלוצלינג איבער מיט אַ נייער שאלה:

— קרעפּלעך — אָדער האָניק בעסער? די מוטער האָט זיך שרעק־לעך צעוויינט: „ווען האָט זי קרעפּלעך, ווען האָניק געגעסן?" זי האָט דאָך אַמאָל געמוזט ביידע זאַכן עסן און דאָס זענען צוויי מאכלים, וואָס זענען איר ראַפּטום אַרויסגעשווומען אין זכרון. די מוטער וואַרפט זיך אין בעט אַזוי ווי דעמאָלט, ווען דער טאַטע איז אַרויסגעגאַנגען...

באַלד פאַרגעסט זי אינגאַנצן. די מוטער באַרואיקט זיך און הילט זי אַרום און קושט זי און האַלדזט, נאָר אינדערפרי איז זי ביי דער מאָר־טערס אוועקגיין נישט געשלאָפן און געזאָגט: מאַמע — קרעפּלעך — האָניק — ברענג. די מוטער איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

איינמאָל האָט מען זי אויפגעוועקט ביי טאָג. פרעמדע מענטשן האָבן געעפנט די טיר, אַריינגעבראַכט די מוטער, אויסגעטון זי און אַריינגעלייגט צו איר אין בעט. זי האָט זיך דערשראָקן — נאָר עס איז איר באַלד גוט געוואָרן: דער מוטערס לייב האָט געברענט ווי א פייער! עס איז איר נאָך קיינמאָל אַזוי וואַרעם, אַזוי טרוקן נישט געווען.

ביים לייגן אין בעט אַריין האָבן די פרעמדע געוואָלט עפּעס אַרויס־נעמען ביי דער מוטער פון דער האַנט, נאָר זי האָט נישט געלאָזט... מן־הסתם א קרעפּל! זי לאָזט זיך אַרונטער אונטער דער קאָלדרע און גע־פינט די האַנט, זי עפנט זיך לייכט און זי שווימט אַרויס פון אונטער דער דעקע מיט עפּעס ווייסעס, דינס און האַרטס. זי כאַפּט עס אין מויל אַריין, — עס עסט זיך נישט... זי נעמט עס אַרויס פון מויל, באַקוקט און דערזעט עפּעס א פּאַרטרעטל, א קליינס אין עק פונעם ווייסן...

— וואָס — איז — דאָס — מאַמע? — וועגט זי די מוטער. נאָר זי ענטפערט נישט.

עס קומען אַריין צוויי ווייבער, איינע דערלאַנגט איר עפּעס צו עסן — א לעקעכל — און נעמט ביי איר אַרויס דאָס ווייסע מיט דעם פּאָר־טרעטל אויס דער האַנט. עס איז א בריוו, נאָרביידע ווייבער קענען נישט לייענען.

דערווייל קומט אָן איין מאַנספּערשוין, דעקט אויף די מוטער, באַקוקט זי, נעמט ביי איר די האַנט...

זי הייבט אָן שרייען, זי האָט מורא מען זאָל איר די מוטער נישט צונעמען, און עס ווערט איר אויך קאַלט. נאָר מען דערלאַנגט איר עפּעס אין מויל אַריין און זי שווייגט.

— ר' מרדכי! — מאַכט איינע פון די ווייבער, לייענט נאָר דעם בריוו.

דער פרעמדער טוט עס און שאָקלט מיטן קאָפּ.

— דער מאַן — זאָגט ער — שרייבט, אַז ער איז קראַנק געוואָרן פון דער שווערער אַרבעט. א שניידער איז ער, אַרבעט איבער 18 שעה א טאָג... ער בעט זי, זי זאָל אים שיקן געלט צוריקצוקומען...

— נאָך! נאָך! זיס! האקט די קליינע אים איבער און שטרעקט אויס די הענט.

די ווייבער הערן זי נישט.

— אויף שיינע צרות געקומען — זאָגט איינע.

אין בעט איז געוועזן היים, דערנאָך האָט מען נאָך איינגעהייצט אין אויוון.

וואָס פאר א גאָלדענע נאכט עס איז געווען. די מוטער וואָרעמט... ביים בעט זיצט א פרעמדע און דרעמלט און ווען זי כאַפּט זיך אויף, דער־לאַנגט זי עפּעס דער מוטער אין מויל אריין. זי וויל אויך דאָס אייגענע. זי וויל שוין אָנהייבן שרייען, נאָר די פרעמדע האָט מורא פאר איר קול און דערלאַנגט איר עפּעס זיסעס, זי רופט עס לעקעכל און זעצט זיך צוריק און דרעמלט ווייטער. און דאָס לאָך פון אויבן איז אָפן, עס ברענט... ווײַ, ווײַ, אַזוי רויט, אַזוי שיין. עס דרייט זיך, עס טאַנצט ציך־ציק־ציק! ערשט שוואַרץ, אַצינד רויט, אוי ווי שיין־רויט...

איינמאָל בײַנאַכט האָט מען זי איינגעוויקלט אין א וואַרעמען שאַל און געטראָגן פריער ערגעץ ווייט, דערנאָך הויך אויף טרעפּ און מען האָט זי אריינגעברענגט אין א פרעמדער, קאַלטער שטוב אריין. אין מיטן שטוב איז געזעסן א קליינע אַלטע ציטעריקע יידענע און האָט געפּליקט פעדערן, און די זייטן אויף שעניקעס אויף דער פּאָדלאָגע זענען קינדער געשלאָפן...

די פעדערן־פּליקערן האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, נאָר גע־פרעגט מיט א פישטשענדיק אָפּגעריסן קול:

— ווער וועט צאָלן?

— מען וועט שוין צאָלן! — האָבן געענטפערט די יידענעס, וואָס האָבן זי געברענגט.

— מאַמע! — האָט די קליינע אַרויסגעלאָזט א געוויין, פאר שרעק און קעלט צוזאַמען.

נאָר קיינער קוקט זיך אויף איר נישט אום.

— א יתומה? — פרעגט ווייטער די פאַרפעדערטע אַלטע.

— נאָך נישט...

— מאַמע!

— שריי נישט, בהמה, — ענטפערט איר איינע פון די יידענעס, די מאַמע איז אַוועקגעפאָרן.

פלוצלינג איז איר פריילעך געווארן און א שכלדיקער פונק האט זיך איר באוויזן אין די אויגן.

— צום... צום... טאטן? — נאר מען ענטפערט איר נישט.

— ווו וועט זי שלאפן?

— היינט מיט מיר.

די יידענעס לייגן זי אין א קאלט בעט אריין, דעם שאל נעמט מען צו און זי הייבט אן ציטערן.

— מאמע! — צעלאזט זי זיך אויף א קול.

— נעמט זי איין, פריידל, — זאגן די יידענעס.

— גייט נאר, גייט! — ענטפערט די פארפעדערטע, — דאס איז שוין מיין זאך.

די, וואס האבן זי געברענגט, גייען אוועק און די יידענע פון די פעדערן הייבט זיך אויף און גייט צו איר צו.

— שווייג! — מאכט זי הארט און טרוקן. און זי דערשרעקט זיך און בלייבט שטיל.

זי קריגט אינדערפרי, גלייך מיט נאך פיר קינדער, א שטיקל ברויט מיט טיי — טיי האט זי שוין לאנג נישט געטרונקען, זי האט עס גאר פארגעסן. בייטאג קריגט זי אביסל קארטאפליעס אדער קאשע, ביינאכט ווייטער טיי מיט ברויט... זי איז כמעט זאט, נאר עס איז איר נישט גוט. זי האט פיינט די קינדער און מורא פאר פריידלען און בענקט...

— מאמע!

נאר פריידל גיט א קוק אויף איר און זי שווייגט. פריידלען האט זי שרעקלעך פיינט.

איינמאל ביינאכט (זי האט נאך אלץ נישט איר שעניק און שלאפט נאך אלץ נישט ביינאכט, נאר בייטאג) קריגט זי חשק זיך איבערצודרייען צו דער אלטער און צו בייסן און דראפען די שלעכטע, די מרשעת... נאר פריידל שלאפט מיט האלב־אפענע אויגן און זי דרייט זיך צוריק איבער דערשראקן.

— וועסט איינליגן אמאל? — פישטשעט פריידלס קול און דער־לאנגט מיט דער ביינקער פויסט אין די פלייצעס.

מיט דער צייט האט זי די מוטער פארגעסן! דאך בענקט זי און שרייט אלץ אין איינעם: ארויס! ארויס!

זי האט איר שעניק באקומען און פון דעמאלט אן האט זי פאר פריידלען ווייניקער מורא: זי אנטלויפט פאר איר, און אין לויפן קערט

זי אום און שלאָגט די קינדער, צעיאָגט די פעדערן, צעברעכט דעם טאָפּ פון זיי... פריידל כאפּט א בעזעם, נאָר זי פארלירט דעם אָטעם, נאָכ־יאָגנדיק די „ווילדע בריאה", פאר דאָס איז זי זיך אָן איר שפּעטער נוקם. זי מאכט זיך רואיק און שטיל, פאר דאָס, אז די „ווילדע בריאה" שלאָפט שפּעטער אויף דעם שעניק, ווארפט זי זיך אויף איר ארויף און צעהאַקט איר דאָס לייב מיט די נעגל. זי וויינט נישט, נאָר פארבלוטיקט בייסט זי די ליפּן. די רעשט גרינגע קינדער באהאלטן זיך אין די ווינקעלעך און אָטעמען פאר שרעק...

נאָר היינט האָט דאָס אַלץ אויפגעהערט. א יידענע איז געקומען צו פריידלען און געזאָגט, אז מער וועט מען שוין פאר דער ווילדער נישט צאָלן: „נישטאָ פון וואנען".

פריידל האָט זיך אויפגעשטעלט, אין די אויגן האָט איר אויפגע־בליצט דאָס רשעות. זי האָט אָנגעכאפּט די „ווילדע בריאה" און ארויס־געשטופּט פון שטוב.

די ווילדע בריאה איז אראָפּגעקראָכן אויף אַלע פיר פון די טרעפּ (גיין אויף טרעפּ האָט זי נישט געקענט) און אצינד, הא, הא! זי זעט די גאַס! אזוי ווייס, אזוי שיין! א גלייכער, ווייסער, בלישטשענדיקער שניי! הו הא!

און זי לויפט איבערן שניי באָרוועס און לאַכט...

---

# די לבנה דערציילט

— מיך פון קוקן אויף ווייסן מארמאר און אויערס ווייסע גאז־באלייכטונג, האב איך מיך אוועקגעדרייט און געוואָרפן א בליק אויף אן אונטערגאס.

פון אן איבערגעבויגן הייזל גייט ארויס א באָרוועס יינגל, שלעכט געקליידט (די שמאטעס האלטן זיך אויפ׳ן קוים) און קעגנאיבער, פון א צווייט הויז, כמעט א מפולת, קומט אויך ארויס אזא יינגל.

קוים זענען זיי איינער צום צווייטן צוגעקומען, האָב איך שוין נישט געוווסט, וועלכער איז ארויס פון וועלכן הויז. ביידע אויסגעדארט, מיט ברענענדיקע אויגן, ביידע ציטערן פאר קעלט, אפשר פאר הונגער אויך.

איך הער ווי זיי שמועסן:

— פאַרטיק?

—און דו?

— אויך!

— האָסט געגעסן?

— ניין... דער טאטע האָט נישט געברענגט.

— מיינער — קראַנק; די מאַמע וויינט...

— גייען מיר?

— בעסער לויפן... ס׳איז קאַלט...

— נו!

זיי לויפן פייל פון בויגן אין שטאָט אריין.

איך קוק זיי נאָך.

ביי איינעם פון די שענסטע הייזער שטעלן זיי זיך אָפּ.

— זעסט! מיין פעטערס הויז! — מאכט איינער שטאָלץ.

דער צווייטער ווייזט אויף א הויז קעגנאיבער!

— דאָס איז מ י י ן פעטערס!

— מיין פעטער האָט מען אָבער געברענגט אן אראביש פערדל פאר זעכצן טויזנט!

— מיינער האָט אַ קאַרעטע מיט פיר פערד ווי די לייבן!
— מיינער האָט אפשר טויזנט דערפער!
— מיינער — אפשר הונדערט שטעט!
— שוטה! ביי מיין פעטער זענען די מעבל פון גאָלד!
— בהמה! ביי מיין פעטער — סאַמע בריליאַנטן!
— אָבער מיין מומע מיט אירע פערפומען! די נאָז רייסט עס אויף!
— אָווא! מיין מומע גייט אַלע טאָג אין טעאַטער אריין...
— און אַז מיין פעטער שפּילט יעדע נאַכט אין קאָרטן — האַ?
זיי האָבן זיך לאַנג געשפּאַרט און שיר־נישט געפאַלן זיך אין די האָר אריין...
איינער איז דאָך פריער אָפּגעשטאַנען.
— קאַלט — מאַכט ער מיט אַ ציטער.
דער צווייטער שטייט אויך אָפּ:
— איך בין זייער הונגעריק, — זאָגט ער, — עס נאָגט מיך! קלינג אָן ביי דיין פעטער...
— ניין — ענטפערט יענער דערשראָקן — ער האָט אָנגעזאָגט דעם שווייצער, ער זאָל מיר העננט און פיס צעברעכן!
— מיין פעטער — דאָס זעלבע! — ענטפערט דער צווייטער.
זיי לאָזן ביידע טרויעריק אַראָפּ די קעפּ.
— גייען מיר?
— בעסער לויפן...
און אויפן וועג:
— מאָרגן ביינאַכט נאָכאַמאָל...
— יאָ... איבערלויפן... איך וועל געבן אַ סימן... איך וועל אַ קריי טון ווי אַ האָן...
— ... איך וועל דיר ענטפערן מיט אַ מיאָוק פון אַ קאַץ.
— גוט...
זיי זענען מיר פאַרשוואונדן געוואָרן.

---

# קינדער־שפּיל

## פאַר דער צערקווע



גאָלדענער טאָג...

די זון אויבן אין בלויען הימל, די קאָפּולע פון דער צערקווע אונטן אין דער בלויער לופט — פלאַקערן... שפּריצן פייער.

די אַלעע אין סקווער ארום צערקווע איז איבערפול, דאָס אויס־געשפּרייטע זאמד בליצט גאָלדיק, דאָס ליכט רייסט זיך אריין צווישן די געוויקסן, באזוכט די פארוואָקסנסטע ווינקעלעך און באַשיינט א חברה קינדער, וואָס ליגט ארום קלאָמב פון אויסגעמישטע פלאַמענדיק־רויטע רויזן און אָפּגעמאַטערטע, האלב־געבויגענע ווייסע ליליען.

— סקוצנאַ! 1) — רופט זיך אָן א יינגל פון א יאָר פופצן אין א גענעראַלסקע מונדיר מיט א רויטן אונטערשלאַג, רויטע קלאַפּן און זיל־בערנע טראַלבן. ער שפּרינגט אויף.

עטלעכע „מאַטראָזן" טוען דאָס זעלבע, גענעצנדיק, און ווישנדיק זיך דעם שוויים. —

די רעשט קינדער שטייט אויך אויף, — אָרעמערע קינדער, אין איבערגעמאַכטע זאכן, אָן וועלכע מען דערקענט די פּאָטערס: א פּאָליציי־מאַן, א צערקווע־דינער, אָן אָרעמער טשינאָווניק...

די האלטן זיך אַביסל פון וויטן, מיט אויסגעשפּיצטע אויערן, גרייט צו דערפילן יעדן באַפעל.

— קומט וויטער שפּילן! — זאָגט דער גענעראַל מיט א שטימע, אין וועלכער עס קלינגט שוין א קאָמאַנדאָ־טאָן.

— אין וואָס? — פרעגט א מאַטראָז.

— אין אָן אָביסק! 2) — רופט זיך נישט דרייסט אָן איינער פון אָרעמען עולם.

---

1) לאַנגווייליק. 2) אונטערזוכונג.

— בילאַ 1) — גענעצט דער „גענעראַל“. —

— וו וויענציאַניע! 2) — פּראָפּאָנירט א מאַטראָז.

— די באַרישניס 3) קענען נאָך נישט אַרויס פון פּריוט 4).

— זיי וועלן אָנקומען.

— אָבער דערווייל? — סקוצנאָ! — גענעצט דער גענעראַל.

א קליינע פּויזע.

— וו סוד! 5) — הערט זיך א שטילער פאָרשלאַג, ווייטער פון אָרע־מען עולם אַרויס.

— כאָראָשאָ! 6) — שמייכלט דער גענעראַל —

— נאָ, קאָווּאָ סודיט טאָ 7)? — פרעגט א מאַטראָז.

— ווזיאַטאָצניקאַ! 8)

— ניע סטאָיט! 9)

— ראַזדענסטוויענקאָוואָ!

— עטאָ גערויִ! צאַר יעוואָ זשאַלייעט 10)

— שמיטאַ! מאַשעננניקאָ 11) שמיטאַ! ראַזבאָיניקאַ 12)...

— כאָראָשאָ... רופט מען אַרום.

— ווער וועט זיין שמיט? פרעגט דער גענעראַל.

אַלע ציען מיט די אַקסלען; קיינער וויל נישט... אַלע קוקן מיט רחמנות־פּנימלעך און האַלב מיט שרעק צום גענעראַל, ער זאָל, חס־ושלום, נישט הייסן...

וואַניאַ בודיעט! 13) — רופט אויס דער גענעראַל.

וואַניאַ, דער יינגסטער, לויט די קליידער אויך דער אָרעמסטער, א געלבלעך־בלאַסער, מיט א גרויס קעפּל, אויפגעשווומען בייכל און פּיילן־בויגנדיקע פיסלעך, באַקומט טרערן אין די אויסגעזעצטע אויגן.

— יאַ ניע כאָטשיע 14) — שטאַמלט ער, וויינענדיק.

דער גענעראַל טופּעט מיטן פוס.

— דו מוזסט...

— ניין, ניין! דאָס יינגל וואַרפט זיך אויף דער ערד.

— איך הייס!

---

1) שוין געווען. 2) חופּה־קדושין. 3) פריילנס. 4) אזיל. 5) געריכט. 6) גוט. 7) נאָר ווער ווען משפּטן? 8) לאַפּאָווניק, חושד־נעמער. 9) נישט כדאַי. 10) דער קייזער האָט אים ליב. 11) שווינדלער. 12) מערדער. 13) וואַניאַ וועט זיין. 14) איך וויל נישט.

— ניין און ניין! און דאָס ייִנגל גראָבט אריין די הענטלעך און די פיסלעך אין זאמד... כאָטש טייט מיך.

— חברה הייסט, אמת?

— יאָ! יאָ! — רופן זיך אָן אלע ארום...

— אנישט, טרייבט מען דיך ארויס פון חברה!

— טרייבט! — שרייט וואניא מיט פארצווייפלונג.

— וואניא, — רופט זיך אָן דער גענעראל ווייכער — וואניא — און גייט־צו צום ליגנדיקן — הער, וואניא — ער באמיט זיך וואָס מער ליב־שאַפט איינצופליסן אין דער שטימע — באקומסט, ווייסט וואָס?

— וואָס? — העשעט וואניא, און הייבט דאָס קעפּל אויף העכער אביסל און קוקט צום גענעראל ארויף מיט א הונגער־בליק.

דער גענעראל קלערט א ווײַלע און פּלאצט ארויס, — שאָקאָלאד!

וואניאס הונגער־אויגן בליצן אויף.

— א גאנץ טעוועלע?

— א האלבס! — דינגט זיך דער גענעראל.

— א גאנצס! — שפּארט זיך איין וואניא.

— א גאנצס! — גיט דער גענעראל נאָך, נישט אָן פארדרוס.

נאָר וואניאס אויגן לעשן זיך צוריק אויס.

— גענארסט מיך?

—ניין . . . מיין גענעראלסקע וואָרט!

— גיב פאָרויס!

— נאַ! — און דער גענעראל נעמט ארויס, נישט אָן חרטה, א טעוועלע שאָקאָלאד און דערלאנגט וואניאן.

וואניא גראָבט אויס דאָס רעכטע הענטל פון זאמד און כאַפּט אָן דאָס טעוועלע פון דער אויסגעצויגענער זייט.

דער גענעראל פארהאלט די צווייטע זייט, וועלנדיק אָפּברעכן כאָטש א שטיקל.

וואניא באמערקט דעם מאנעווער, רייסט געשווינד אויס דאָס גאנ־צע טעוועלע.

— פרעסער! — זידלט דער גענעראל, און איבערדרייענדיק זיך צו חברה:

— אצינד קלויבט אויס א וואָיעני סוד 1)

1) קריגס־געריכט.

— דו פּרעדסיעדאַטעל 1) — רופט מען צום גענעראַל.

נאָר וואַניאַ, וואָס האָט זיך שוין געהאַט אויפגעזעצט, מיט ציטער־ריקע הענטלעך אָפּגעשיילט דאָס טעוועלע פון בליצנדיקן בלייערנעם העמדל און געכאַפּט צום מויל, נעמט עס נאָכן ערשטן אָפּלעקן צוריק אַרויס פון מויל און צעוויינט זיך.

— וואָס ווייטער? — דרייט זיך אויס דער „גענעראַל" צעקאָכט.

— איר וועט מיך שלאָגן!

אַ שטילע, רחמנותדיקע פּויזע.

— נו —רופט זיך אָן אַ מאַטראָז — אביסל שלאָגן מוז מען דאָך!

— אָבער נישט קאָפּען מיט די פיס! — בעט זיך וואַניאַ...

— גוט! — גיבן אַלע נאָך.

— נישט רייסן ביי די האָר...

— נאָר אביסל!

— ניין, גאָרנישט, עס טוט ווי! — צעהעשעט זיך וואַניאַ, — און נישט שטעכן מיט שפּילקעס! — גיט ער צו.

דעמאָלט גייט צו אים נענטער צו דער גענעראַל, און טוט אַ טופּ מיטן פוס און אַ געשריי:

— פּרעס!

וואַניאַ ווערט פאַרציטערט, כאַפּט די שאָקאָלאַד אין מויל אַריין און לעקט.

— פּרעס! — זאָג איך.

וואַניאַ הייבט־אָן קייען פאַר שרעק.

— געשווינדער!

וואַניאַ פאָלגט; אַ רגע, און דאָס גאַנצע טעוועלע פאַרשווינדט.

— אַצינד מוזסטו! — שרייט דער גענעראַל און אויסדרייענדיק זיך צו חברה:

— קלויבט זאַסיעדאַטעליעס!

---

1) פּאָרזיצנדער.

# חוזק

(א שמועס)

— איר קענט חוזקן?

— אוודאי!

— ווו געפינט מען אים?

— ווו נישט? אין גאס, אין הייזער, אין שיל, אין בית־המדרש, אָפּט זיצט ער תפוס!

— א שיינער פּארשוין!

— ער ווערט דען שטארבן אויף זיין בעט?

— ווי זעט ער אויס?

— ווי חוזק! הויט און ביין; א הויט פון פּארמעט מיט לאכנדיק־ווייינענדיקע וואָרצלען, העפּטן און שראַמען. אויגן האָט ער משונהנע; זיינס א בליק קען קיין באַלעבאַטישער מענטש נישט אויסהאַלטן. ליפּן האָט ער פּארברענטע, דינע, צוזאַמענגעפּרעסטע. עס דאכט זיך, ער עפּנט זיי נישט און דאָך שיטן זיך אים נאָדלען פון מויל, אז עס שטעכט יעדן אין אלע אברים.

— ווי אזוי קליידט ער זיך?

— קריעה־בליעה: וואָס קלערט איר! א טויז בגדים, נאָר סאַמע לע־כער און חוזק שטאַרט פון אומעטום אַרויס...

— פון וואַנען לעבט ער?

— פון צרות, בויך־, ציין־, לעבער־ און הארץ־ווייטיק! פון וואַנען זאָל ער לעבן? אז א מענטש איז א לא־יוצלח! ער איז אפילו בקי אין די קליינע אותיות, נאָר טויגן — טויג ער צו גאָרנישט. איידער מען האָט אים דערקענט, האָט מען אויף אים רחמנות געהאַט, טאַקע א תלמיד־חכם,

פאַר וואָס נישט! האָט מען אים געמאַכט פאַר אַ מגיד. העלפט נאָט — שטאַרבט אַ ראש־הקהל, אַ ייד אַ גביר, אַ רעדל־פירער, מאַכט ער אַזאַ הספד, אַז דער גאַנצער עולם איז שיער־נישט צעקנאַקט געוואָרן פאַר געלעכטער; די ווייבערישע שיל האָט געלאַכט, איר פאַרשטייט? ! אַז אַזוי, אוים מגידות! מען מאַכט אים פאַר אַ בדחן; מאַכט זיך ווייטער אַ גבירישע חתונה, שי״ן אלף רו״ב נדן... איז ער אַזוי משמח חתן־כלה, אַז מען ווערט צעגאָסן פאַר געוויין! און דער הספד איז דווקא וויינענדיק, דאָס בדחנות לאַכנדיק, נאָר דאָס פּנים, די גרימאַסן ברענגען אַרויס פון די כלים. אַז מען שמועסט אַ לאַ־יוצלח! אַ פאַרשאָלטענער מענטש!

— פאַרשאָלטן?

— אמת פאַרשאָלטן, ווו ער ווייזט זיך, קומט אַריין די קללה! ווייַן אין קעלער ווערט זויער, מילך אין שטוב — געררונען, שיינע מיידלעך און חנעוודיקע ווייבלעך ווערן נמאס ומאוס; פון בעלי־צדקה — שווינדלער, נישטן — פון די גרעסטע באַלעבאַטים! פון גבאיטעם — ר״ל, וואָס עס ווערט! למשל — מען מאַכט אַ חשבון פון צדקה־געלט, מתן־בסתר, מאיר בעל־נס, אַזוי אַ חברה, עס דאַרף זיין עודף! די פּושקע האָט אַ שלאָס, די גבאים קען מען פאַר פיינע לייט, הוצאות זענען קליינע, הכנסות — די והותר. חוזק קומט אַריין — פעלט שוין דריי פערטל געלט! עס ווערט אונטער די הענט פאַרשוווּנדן! וויל ער, ווייזט ער נאָך זיינע שוואַרצע קונצן און געפינט דאָס געלט ביים רב אָדער ביים גבאי אין שטיוול! אַז ער איז דאָ, גייט אַפילו אומגעציילט געלט לאיבוד! ווו ער שטעקט אַריין די נאָז, איז אויס אמונה, אויס בטחון, אויס קרעדיט!

— ווי לאָזט מען אַזוינס אַריין אין אַ יידיש הויז?

— מען לאָזט טאַקע נישט, ער גנבעט זיך דאָך אומעטום אַריין... וואָס קלערט איהר, מען היט זיך פאַר אים ווי פאַר פייער. דער רב אַנטלויפט כמטחוי קשת, דיינים חלשן, באַלעבאַטימס בייכער טרייסלען זיך ווי אין אַ פיבער, די גרעסטע משכילים פאַרגעסן די צונג אין מויל, בעלי־צדקה לאָזן די אויגן אַראָפּ ווי די גרעסטע גנבים, און נשים — רחמנא־ליצלן — זענען מפּיל פאַר שרעק! אַפילו בתולות...

— פון וואַנען קומט איר צו דער סחורה?

— ווייסט איין בורא־עולם! ווו מען זייעט אים נישט, קומט ער אַרויס! דאָ פון אונטער דער ערד, דאָ פאַלט ער אַראָפּ פון הימל, דאָ

יאָגט אים אָן דער טייוול ערגעץ פון א זייט... ער אליין ווייסט נישט, פון וואנען ער נעמט זיך.

— און איינער אליין?

— עלנט ווי א שטיין! קיין קרוב, קיין גואל... און עס איז קיין וואונדער נישט; קיינער וויל זיך צו'ן אים נישט דערקענען, און ער אליין וואָלט זיין אייגענעם טאטן נישט דערקענט...

— א כישוף?

— א כישוף!

---

# די רויז

(אַ זומער־דערציילונג)



ס גייט צו פּסח, עס איז פרילינג, און אין זאַקסישן גאָרטן וועלן זיך באַלד די רויזן באַווייזן.

איר האָט עפּעס ליב רויזן? אין אייער שמייכל אַרום די ליפּן דערקען איך, אַז יאָ! אַיי, וואָס פאַר ליכטלעך עס האָבן זיך אין אייערע אויגן אָנגעצונדן! לאָזט נישט אַראָפּ די ברעמען! בהן־צדקי — איך וועל קיינעם נישט אויסזאָגן! נאָר, אַז איר האָט ליב, וועל איך אייך טאַקע דערציילן אַ מעשה פון אַ רויז...

אַמאָל איז געווען אַ רויז.

געוואַקסן האָט זי אין אַן עפּנטלעכן (אפשר אין זאַקסישן) גאָרטן, אויפן טראַוואָניק, נאָנט צו דער אַלעע, אויף אַ שטעכעדיקן שטרויס.

בשעת ווען אירע שוועסטער האָבן שוין לאַנג אינעם בליען פאַרגעסן, איז זי נאָך יונג און גרין געווען. זי האָט נאָך דעמאָלט אויף אַנעמיע געליטן: ווייניק, אָרעם בלוט געהאַט, און האָט זיך געשעמט פאַר דער וועלט צו ווייזן. זי האָט זיך באַהאַלטן ווי אַמטיפּסטן צווישן די שטעכנאָדלען.

נאָר אין שטילע נעכט האָט זי זיך אַלעמאָל אַרויסגערוקט, אַן אויג געוואָרפן אויף אירע שוועסטער, אויף אַלע ראָמאַנטיש־גליקלעכע בלומען, און פון זיי אויפגעהויבן דעם טרויעריקן בליק צום בלאָען, קלאָרן הימל מיט אַ שטילע, נאָר אַ ווייַנענדיקע פּרעטענזיע צו גאָט, פאַר וואָס ער האָט אין איר איינער פאַרגעסן, זי איינע פאַרטיילט, איר איינער אַזאַ טרויעריקע, איינזאַמע, עלנטע יוגנט געגעבן...

דאָס פלעגט אָבער נישט לאַנג דויערן. זי פלעגט זיך גיך און באַלד פאַר עפּעס דערשרעקן, און, פאַרציטערט, זיך צוריק באַהאַלטן אין שטרויס. מיטאַמאָל דאַכט זיך איר — מען שיסט; דאָס האָבן ערגעץ, למזל־טוב, עטלעכע קנאַספּן געפּלאַצט. אָט הערט זי זיפצן — דאָס גוססט

נאָר ערגעץ אין זאמד א צעטראָטענע בלום... עס הערן זיך עטלעכע האלדז־און נאָז־טענער — א פארשפעטיקטער קאָרטן־שפּילער גייט זינגענדיק, און לאָזט זיך הערן אין גאַס.

דאָך איז זי נישט זיכער, צי זי זעט עס און הערט עס וואכנדיק אָדער נאָר אין חלום. טײלמאָל דאכט זיך איר, אז איר גאנץ לעבן איז א חלום... אז זי איז גאָר א געוויינלעכער דאָרן, און א רויז נאָר אויפן עולם־הדמיון! אז זי וועט זיך גיך און באַלד אויפכאפּן שפּיציק און פארקרימט און פול מיט ברענענדיקן, גיפטיקן זאפט!

---

מיט דער צייט איז דער רויז בעסער געוואָרן. איר דאָקטאָר איז געוועזן די ווארעמע זון און עטלעכע טראָפּן זומער־רעגן... זי איז אַלע מאָל געזונטער און פולער געוואָרן. דאָס איידלסטע רויזן־בלוט האָט איר אָנגע־הויבן צו קרייזלען אין די אָדערן, זי ווערט רויטער און רויטער, און מיט יעדער מינוט שיין און שענער. דערביי ווערט זי אויך מוטיקער און שטאַר־קער ביי זיך!

און וואָס רויטער און געזונטער זי ווערט, הייבט זי זיך אַלץ הע־כער און העכער, און קוקט אַלע מאָל זיכערער און לעבעדיקער ארויס אויף דער פרייער וועלט. דערנאָך איז געקומען די העכסטע צייט, זי איז שוין אינגאנצן צ י י ט י ק, פול מיט ז א פ ט און שאַרלאַך־רויט! אציַנד הייבט זי זיך אויף אינגאַנצן, שטרעקט ארויס דאָס גאַנצע קעפּל הויך איבערן שטרויס, אום אַלעם מיט אָפענע אויגן צו באַטראַכטן, און פון אַלעם באַטראַכט צו ווערן!

---

זי קוקט זיך אום און פארוואונדערט זיך! אַלע אירע שוועסטער זענען שוין פארשוואונדן געוואָרן; זי איז איבערגעבליבן איין רויז אין גאָרטן, איינע אַליין. עס פרייט און שרעקט זי צוזאמען!... כאָטש זי האָט אַלעם נאָר ווי אין חלום געהערט און געזען, ווייסט זי דאָך, וואָס דאָס פארשווינדן באַטייט! זי ווייסט, אז אירע שוועסטער זענען פון די שטרויסן אראָפּ אין דער וועלט אריין זוכן גליק. וואָס דאָס „גליק" אַליין איז, דאָס ווייסט זי נישט, נאָר עפּעס טרוימט איר, אז עס איז א גליק פאַראַנען, אז דאָס גליק וואקסט נישט אויפן שטרויס, אז צוליב אים מוז מען ארויס פון דער שטעכעדיקער אָרעמער היים אין דער פרייער וועלט אריין, צוגעזעצט צו עמעצנס א ברוסט!

זי שרעקט דאָס געחלומטע גליק און דאָך ציט עס זי ווי א מאַגנעט...

זי דערמאָנט זיך, אַז איינמאָל האָט זי געהערט אַזוי זיס מוזיקאַליש רעדן פון גליקלעך זיין און גליקלעך מאַכן... מענטשן האָבן זי נישט איינמאָל געזען און געהערט באַהאַלטן אין שטרויס... טייל עלנטע, טרויעריקע, פאַרקרימטע מענטשן... נאָר טייל פרייִלעכע, גליקלעכע, מיט רויזן אויפֿן האַרץ! און די האָבן געשמייכלט, און דאָס פּנים האָט זיי געשטראַלט מיט גליק! זי וויל אויך אויסגלייכן, בלאַנק מאַכן אַ זויער־טרויעריק פּנים, זי וויל אויך ליכט אָנצינדן אין האַלב־פאַרלאָשענע אויגן...

זי וויל זיך אַליין אָפּרייסן פון שטרויס און צוקאָלערן זיך צו דער אַלעע, ווו מענטשן וועלן באַלד אָנהייבן שפּאַצירן... עס „פּאַסט" דאָך נישט; זי ווייסט שוין, אַז דער סדר־עולם איז נישט, רויזן זאָלן זיך אָפּ־רייסן אַליין... מען מוז וואַרטן... אויך אונטן וועט מען זי נישט באַ־מערקן! עס קען דורכגיין אַ פאַרטראָגענער סוחר, אַ פּראָצענטניק, וואָס לויפֿט נאָך זיין אָפּפער אָדער וואָס אַנטלויפֿט פאַרן געזעץ... אַ טרעגער מיט אַ שווערער לאַסט אויף די פּלייצעס, וואָס וועט אויף איר גאָר קיין מבין נישט זיין און נישט אָפּטרעטן פון וועג... און אונטער אַזוינע פיס וויל זי אַוודאי נישט שטאַרבן. זי מוז בלייבן אויפֿן שטרויס, כאָטש אַזוי איינזאַם און טרויעריק!

— מען וועט דאָך באַלד קומען! טרייסט זי זיך! מיינע שוועסטער זענען דאָך אויך נישט זיצן געבליבן!

---

עס איז אַ קלאָרער, העלער פרימאָרגן; זיי וועלן זיך באַלד באַוויי־זן! דער הימל איז אַזוי העל־בלאָ, אַזוי צוזאָגנדיק, אַזוי שמייכלענדיק, אַזוי גוט! אין אַזאַ שיינעם העלן טאָג מוז איר גליק געבוירן ווערן, און — ווי אַ זילבערנער שטראַל פון הימל, ווי אַ ברכה פון גאָט, אַראָפּפאַלן אויף איר! זיי וועלן זיכער קומען און איינעם פון זיי וועט זי באַגליקן!

זי הייבט זיך נאָך העכער איבערן שטרויס. זי גלייכט אויס און צע־לייגט אירע רויטע קליידלעך, מיט חנעוודיקע טוי־בריליאַנטן באַשיט. זי לייגט דאָס קעפּל אַביסל אין אַ זייט; אַזוי פילט זי זיך שענער און נענטער צו דער שמאָלער אַלעע.

---

עמעץ גייט!

עס הייבט אָן ציטערן דאָס קליינע רויזן־הערצל. זי וויל זיך שוין צוריק

באהאלטן, זי האָט חרטה... נאָר דער, וואָס קומט אָן, כאָטש ער זעט זי נאָך נישט, ציט זי שוין צו ווי א מאַגנעט.

א רויז איז פון דער נאַטור צו איידל, עס זאָל איר אַזוינס געפעלן!

---

מיט א גראָען פאַראַסאָל אין דער האַנט, מיט גרויסע קאַלאָשן אויף די פיס, מיט א דיקן פּאַלעטאָט, פאַרמאַכט אויף אַלע קנעפּ, מיט א ווייס טוך פאַרבונדן די ציין, מיט א הויכן צילינדער אין דער לינקער און אין דער רעכטער האַנט א דיקן וויין־שטאָק, איבער וועלכן דער גאַנצער קער־פּער בייגט זיך אינעם גאַנג; מיט א גאָלן קאָפּ און דאָפּלטע ברילן אויף דער דאַרער, געגאָרבעטער, שפּיציק־בייניקער נאָז, קומט אָן — שלעפנדיק א פוס נאָך א פוס — אַן אַלטער „דייטש"!

די רויז האָט זיין שטילן גאַנג נישט דערהערט, און קיין צייט נישט געהאַט זיך פאַר אים צו באַהאַלטן.

ער שטעלט זיך פאַר איר אָפּ, שלעפּט צו איין פוס צום צווייטן! מאַכט צורעכט די דאָפּלטע ברילן און באַטראַכט די פרישע בריאה...

ער רונצלט דאָך די נאָז; זי איז אים נ י ש ט געפעלן:

— פהי! — בלאָזט ער אַרויס פון צווישן די בלאָע ליפּן, און דער־פון ווערט א ריח און א גערויש, גלייך א פויל בלאַט וואָלט געפלויגן אין דער לופט.

— פהי! שוין נישט פאַר מיר! צו פיל אַנטוויקלט... צו אַלט! איך דאַרף יינגער, פרישער; נאָך גרינלעך, עפּעס אַזוינס — — —

ער לייגט צו צוויי פינגער צו די ליפּן, וויל ענדיקן מיט א וויל־יונגערישן פייף, נאָר עס קומט אַרויס קוים א צישען פון א שלאַנג — — און גייט ווייטער.

— ברען די פיס! — קען זיך די רויז נישט איינהאַלטן.

---

עס גייט א יונגערמאַן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן...

— אַך! ער וועט מיך נישט דערזען! — טרייסט זי זיך און שרעקט זיך צוזאַמען!

דער יונגערמאַן קומט נענטער. זי האָט נאָך אַזא טרויעריק פּנים נישט געזען! א דינער ביטערער שמייכל בלאָנדזשעט אַרום א פּאָר קליינע בלאַסע ליפּן... דער יונגער שטערן איז געררונצלט, אויף די בלאַסע באַקן איז שוין לאַנג, אַפּנים, קיין פריילעכער שטראַל נישט געפאַלן... זיינע

אויגן זעט זי נישט, נאָר זי פילט, אז זיי מוזן זיין בלאָ און שיין ווי דער הימל, נאָר טרויעריק -- ווי עס קאָן נאָר זיין א הימל אָן זון!

— און קיין איינציגע פון מיינע שוועסטער — וווּנדערט זי זיך — האָט זיך פאַר אַזוינעם נישט געאָפפערט?

דער יונגערמאַן הייבט פּלוצלינג אויף די אויגן; זי האָט געטראָפן! דאָרט קאָן זיין א הימל, נאָר דערוויל איז א ים פון לייד! ער דערזעט זי אויך; רייבט זיך מיט דער האנט דעם שטערן, ווי איינער, וואָס דער־מאָנט זיך עפּעס; זיין פּנים ווערט בלאסער, און דער דינער שמייכל ווערט ברייטער און בריי׳טער און פאַרשפּרייט זיך אַלץ העכער און העכער ביז די אויגן צו... נאָר באַלד פאַלט דערויף א געדיכטער שאָטן פון ווייטיק! ער פאַרברעכט די הענט:

— א רויז — ציטערן זיינע ליפּן — א רויז! — ווען יענע האָט מיר „יאָ" געזאָגט, האָט זי א רויז געטראָגן... נאָר דאָס אייגענע צירונג האָט זי געהאט אויף דער ברוסט, ווען זי האָט מיך אָפּגענאַרט... די איי־גענע רויז!

— אַך, דאָס נאַרישע האַרץ! — בייזערט ער זיך אויף זיך אַליין — ער קאָן נאָך אין איר און אין ר ו י ז ן נישט פאַרגעסן!

— מאַרש! — קאָמאַנדירט ער זיך, און רייסט זיך אַוועק מיט גע־וואַלט, און פאַרשווינדט אין אַן אנדערער אַלעע.

— אַך, גאָט, גאָט, — קלאָגט זי, די רויז — וואָס מיינע שוועסטער קענען!

אָ! זי וועט עס נישט טון... ביזן לעצטן אָטעם, ביזן לעצטן הויך! אָ, ניין! אינעם טרייען אָפּפערן זיך איז דאָס העכסטע גליק פון א רויז!

---

עס קומען אָן צוויי עלטערע דאַמען; גייענדיק, באַטראַכטן זיי אַלע שטרויסן; אַלע זענען לער!

— זיי מוזן דערוואַקסענע זין האָבן! — טראַכט זיך די רויז.

— נאָר פאַר וואָס קומען זיי נישט א ל י י ן — זעט עס איר וווּנדערלעך אויס.

— מיר האָבן זיך פאַרשפּעטיקט — מאַכט איין דאַמע צו דער אַנדערער.

— איך זע שוין — ענטפערט די צווייטע, עס וועט שוין דאָס יאָר קיין ר ו י ז ן נישט זיין!

די רויז וויל ד אָ ך, מען זאָל זי באַמערקן, אַבוואָל דאָס רחמנות

אויף י ע נ ע ם קלינגט איר נאָך אין הערצל. זי באַוועגט זיך און עס גערעט איר!

— אַט, אַ רויז! — מאַכט איינע.

— איך זע שוין — זאָגט די צווייטע — „קיין מעשה נישט” פון אַ רויז, נאָר איינע איז קיינע! פאַר מיינע געסט דאַרף איך וויינקסטנס — אַ טאָפּ איינגעמאַכטס... נאַכט אויף נאַכט וויין און קאָרטן! דאַרף ד אָ ס א ו י ך נישט פעלן.

— איך — וויניקסטנס איין עמער זאַפט...

די אָרעמע רויז דאַנקט גאָט, אַז די דאַמען זענען פאַרבייגעגאַנגען. זי שטויסט זיך אַפילו נישט, ווי אַזוי מען ד ר י ק ט ארויס דעם זאַפט פון רויזען, ביי וואָס פאַר אַ פייער עס פּרעגלען זיך קאָנפיטורן... נאָר די דאַמען אליין זענען איר נישט געפעלן; אַזוינע דיקע, שמאַלציקע פּנימער...!

---

אַט, עס קומט אָן אַ מענטש אין די מיטלערע יאָרן; עלעגאַנט געקליידט, דער אויבערציער מיט דער העלער אונטערלאַג אויפן אַקסל, מאָדישע זעק אַלס באַקליידער. אַן אָפענער זיאַטעק, פון וועלכן עס קוקט ארויס אַ גאָלדן (אָדער אַ געגילדט) קייטל, און ענדיקט זיך נאַכלעסיק, אַראָפּפאַלנדיק מיט אַ גרויסן פּערדסקאָפּ אין אַ ראַם פון אַ קליינער פערד־פּאָדקאָווע; איבער דער ברוסט טאַנצט אין דער לופט אַ גאָלדענע פּאַנסנע אויף אַ דין־זילבערנע, האָר; אַ יעגער־הוט, און — אַ פּנים, צו וועלכן מען האָט זיך געמוזט גוט און שאַרף צוקוקן, מען זאָל דערזען, אַז דאָס לעבן האָט שוין לאַנג דעם פרישן הויך דערפון אַראָפּגעבלאָזן... נאָר די אויגן זענען רויטלעך מיד, און ארומגעפּאַסט מיט בלויע רענדער.

די רויז באַמערקט ער באַלד, נאָר ער בלייבט אַפילו נישט שטיין אַ רגע.

— פאַר אַן א נ ד ע ר ע ר — טראַכט ער — איז אַ רויז גענוג. איך וואָלט געשיקט אַ רויז מיט דער פרישער טוי, אַ שמעקנדיקן בילעט מיט פלאַמענדיקע ריימען אונטער אַ דורכגעשטאָכן האַרץ... זי וויל אָבער בריליאַנטן!

---

עס קומט אָן אַ בלאַסער יונגער־מאַן, לאַנגע, נאָכגעלאָזטע, פּאָעטיש פאַנטאַסטיש צושויבערטע האָר. די אויגן פאַרזינקט אין הימל, גלייך ביידע בלויע פאַרבן ווילן זיך צוזאַמענגיסן! אין מויל מיט גוט געריימטע ליפּן — אַ זים זומער לידל אָן ווערטער, און אויפן בלאַסלעכן, מיט גאָלדע־

נע זון־שטראַלן ליכט גערויטלטן פּנים איז אויסגעגאָסן א פארביק־פּאַ־
עטישער חלום.

די רויז דערפילט א שטאָך אין האַרץ, גלייך עס האָט זי א פייל
געטראָפן.

עס טוט איר ווי, נאָר די ווייטיק איז אזוי זיס, אזוי איידל־זיס! איר
ציטערט דאָס קליינע רויזן־האַרץ, און צאַפּלט ווי א יונג פייגעלע אין
שטייג, עס ווילט זיך אויסרייסן!

— אָט — דאָס איז דער — צאַפּלט עס און רייסט זיך — וואָס עס
האָט זיך מיר אזוי לאַנג געחלומט! וואָס גאָט האָט מיר געווים באַשערט!
גליק איז אויף זיין ברוסט! אַ! ער זאָל מיך נאָר זען, ער זאָל נאָר זען!

און איר הייס געבעט איז ווייטער געהערט געוואָרן; ער האָט זי
דערזען!

ער בלייבט שטיין אנטציקט! די בלויע אויגן ווערן אים גרעסער
און די שטראַלן אין זיי — ליכטיקער און וואַרעמער!

ער גייט צו און באַרירט זי זאַכט מיט די ציטערדיקע פינגער, ער
לייגט צו זיינע ליפּן צו אירע ערלעכע בלעטלעך... זיי טרינקען פון איר
טוי... ער קושט זי...

— אָ, דו שיינע! זיסע, הימלישע רויז! זינגט פון אים אַרויס —
דו גאָטס זיסער שמייכל! דו בעסטער שטראַל פון זיין אויג! ווי ליב האָב
איך דיך! ווי דו ציסט מיך צו דיר!

ער קושט זי נאָך אמאָל... און זיינע ליפּן דערפילן, אז די רויז וויל
זיך אָנקלעפּן אין זיי... אז זי אין גאַנצן ציטערט און וויל זיך אָפּרייסן פון
שטרויס...

און ער ציטערט אויך! נאָר א טרויעריקער וואָלקן ציט זיך פלוצלינג
איבער זיין פּנים. ער רוקט זיך אָפּ.

— ניין — ציטערן זיינע ליפּן, בשעת ווען ער כאַפּט די הענט צו
זיך, גלייך ער וויל זיי נישט געטרויען —

— דאָס נישט! איך וועל דיר פאַר דיין גוטס מיט קיין שלעכטס
נישט צאָלן...

„צו געשווינד וואָלסטו פאַרוועלקט אין מיין נאַסער שטוב... דענער־
ווירט — וואָלט איך דיך נאָך באַליידיקט, און דערנאָך — מיר אין קאָפּ א
קויל אַריינגעיאָגט..."

„אָ, ניין! בלי־ווייטער, בלי! דו וועסט בלייבן די קעניגן פון אַלע

מיינע חלומות... ווו איך וועל זיין. וועל איך אַלץ שיקן מיינע זיפצן און מיין געבעט צו דיר... נאָר בליען זאָלסטו ווייטער..."

„בלי"!

און ער גייט אוועק...

---

באַטויבט, בלייבט די רויז אויפן שטרוים און באַמערקט נישט, אַז מיט דער אַלייע קומט אָן א שיכור.

ער וואקלט זיך אהין און אהער, זינגט עפּעס אונטער דער נאָז און פאלט גלייך אויפן שטרוים ארויף.

אַז די פּאָליציי האָט'ן שפּעטער־צו אויפגעהויבן, האָט זיך דער שטרוים צוריק אויסגעגלייכט, נאָר די רויז איז שוין אויף אים נישט געווען. —

---

# די טויטע שטאָט



רומפּאָרנדיק אויף דער פּראָווינץ וועגן דער יידישער סטאַטיס־טיק, האָב איך אונטערוועגנס געטראָפן אמאָל א ייד וואָס האָט זיך געשלעפּט טריט ביי טריט אין שווערן זאמד. דער ייד זעט אוים קראנק, קוים וואָס ער גייט. קוים וואָס ער שלעפּט די פיס. איך קריג אויפ'ן רחמנות און נעם אים אויף, אויף דער פור. ער זיצט אויף, שטעקט מיר אָפּ „שלום־עליכם"! פרעגט מיך אוים וועגן אלערליי נייעס. איך ענטפער און פרעג צום סוף:

— און איר פון וואנען זייט, ר' קרוב?

— פון דער טויטער שטאָט! — ענטפערט ער געלאסן.

איך מיין ער שפּאסט.

— ווו איז עס, פרעג איך — הינטער די הרי חשך?

— אי! — שמייכלט ער, — דווקא אין פוילן...

— אין אונדזער מדינה, אזא שטאָט?

— פאראן! — זאָגט ער — פאראן! הגם די אומות העולם, ווייסן נישט פון איר, און האָבן איר קיין גוישן נאָמען ביז היינט נישט געגעבן... עס איז א יידישע, אן עכט יידישע שטאָט!

— וואָס רעדט איר?

— וואָס איר הערט! איר קענט אוודאי געאָגראפיע און מיינט, אז אלץ איז דאָרט פארשריבן; אז אָסור! מיר יידן לעבן אָן געאָגראפיע!... נישט פארשריבן און פון נאָענט און ווייט קומט מען צו אונדז און מען פאָרט פון אונדז. נאָכוואָס געאָגראפיע?... יעדער בעל־עגלה ווייסט דעם וועג...

— איר גלויבט נישט? פרעגט ער ווייטער.

איך שווייג.

— און דאָך איז אזוי! אונדזער מרא דאתרא שרייבט זיך דורך מיט אלע גאונים פון דער וועלט! עס גייען שאלות ותשובות וועגן אלע די וויכ־טיקסטע זאכן... און אלץ ווערט פארזאָרגט... איז נאָך דער צייט! נישט

לאנג, למשל: האָט מען מתיר געמאַכט אַן עגונה, וואָס האָט שוין לאנג אויסגעלעבט אירע יאָרן; נו, וואָס איז? דער עיקר איז דער שכר פון פלפול, נישט די עגונה!

ער מאַכט ווייטער:

— אַלע „אייניקלעך" ווייסן שוין לאנג פון אונדזער שטעטל... קור־מען, ברוך השם, גאַנץ אָבט... פּאָרן, ברוך השם, נישט לײדיק ארוים.

— דאָס ערשטע מאָל הער איך פון אַ טויטער שטאָט!

— איז ווירקלעך אַ װוּנדער! מוזט איר זיך אַביסל האַלטן פון ווייטנס... עס איז דאָך אַן עכט יידישע שטאָט, אַן אמתע עיר ואם בישראל; זי האָט אַלץ וואָס אַ שטאָט ברויכט; משוגעים אפילו, צוויי, אָדער דריי! אין מסחר האָט זי אויך אַ שם!

— פירט עפּעס ארוים צי אריין?

— וואָס? וואָס זאָגט איר? פרעגט דער ייד, נישט רעכט פאַרשטיי־ענדיק. — סחורה, מיינט איר, ארוים און אריינפירן?

איך שאָקל מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— געוויס! — ענטפערט ער — מען פירט ארוים תפילין און רצועות, מען ברענגט אריין אתרוגים פון קורפו און ערד פון ארץ ישראל! אָבער נישט דאָס איז דער עיקר: דער עיקר איז דער האַנדל אויפן אָרט, אין שטאָט גופא, שענקען, אורחים־שטיבלעך, אַלטוואַרג... כנהוג בישראל, ווי דער שטייגער איז...

— אַן אָרעמע שטאָט?

— וואָס הייסט רייך און וואָס הייסט אָרעם? ס'איז דאָ פּרנסה! נאָר אָרעמע לייט, גייען ארום אין די הייזער, אין דער היים אָדער אין סביבות... דאָס מערסט — אויפן אָרט! ווער עס שטעקט אוים אַ האַנט, דעם גיט מען. אַנדערע זוכן זיך לייכטע מלאכות, אַ שטייגער: אַ מעקלעריי, זוכן אין די גאַסן און געפינען אַ כשרע מציאה... דער רבונו של עולם פאַרלאָזט נישט!... יתומים עסן טעג ביי באַלעבאַטים און לערנען אין תלמוד תורה; פון יתומות ווערן דינסט־מיידלעך, קעכן, פּאָרן אָפּ און זענען זיך אויך מפרנס... אַלמנות, גרושות און עגונות (אין די לעצטע צייט איז פאַראַן אַ סך עגונות) זיצן פאַרשלאָפן איבער פייער־טעפּ! און פאַרויכט, חלומט זיי, אַז עס וואַקסן שוין גרייטע זעמל אויף די בוימער... אַנדערע נ א נ ץ בכבוד!

— פון וואָס?

— פון וואָס? ווי דער סדר עולם איז! אַן אָרעמאַן האָט בטחון,

אַ סוחר שלינגט לופט, און דעם ערד־אַרבעטער, דעם קרבן מיין איך, דעם פעלט אוודאי נישט...

---

צי מאַכט ער חוזק, דאָס אויסגעדאַרטע יידל, דער גל־עצמות, מיטן מאָדנע פייערל, וואָס בליצט אים אין די טיף איינגעפאַלענע אויגן? אויפן שאַרף־ביינערן פּנים, וואָס איז אַרומגעצויגן ווי מיט אַ געל שטיק פּאַרמעט, באַווייזט זיך דאָך קיין מינדסטן שמייכל... נאָר דאָס קול זיינס... עפּעס קלינגט עס מאָדנע!

— וואָס איז עס פאַרט — פרעג איך — פאַר אַ מין שטאָט?

— וואָס הייסט? אַ שטאָט ווי אַלע שטעט! פאַראַן אַ שיל; אויף די ווענט, דערציילט מען, איז געווען אַמאָל אויסגעמאָלט אַלערליי חיות, בהמות און עופות, פון פרק שירה אַרויס... אויפן בעליק ווייטער — אַלער־ליי קלעזמער, פון דוד המלך, עליו השלום... איך האָב עס שוין נישט גע־זען, נאָר אַלטע יידן זאָגן!

— און היינט?

— היינט? שטויב אין שפּינגעוועבס... נאָר אַ הילצערנע קייט, פון איין שטיק אויסגעשניצט, הענגט נאָך אַראָפּ פון בעליק, פאַלט זיך אַזוי בנעימות אַראָפּ, אין אַ זייט פון אָרון קודש, רעכט פון פּרוכת, וואָס איז ווייטער אַ מתנה פון פרומע נשים... ווער עס האָט געמאַכט די קייט, געדענקט מען נישט, נאָר אַ מייסטער איז עס געווען! אַזאַ קייט!

— אין שיל — דערציילט ווייטער דער ייד — דאַוונען, ווי דער שטייגער איז, סאַמע פּראָסטאַקעס — בעלי־מלאכות; אויסגענומען שניי־דער, וואָס האָבן אַ באַזונדערן מנין, און קבצנים מיט בעלי־עגלות, וואָס האָבן זיך הייאָר געדונגען אַ באַזונדער שטיבל צו דאַוונען... די שיל קען קוים עברי! ש יי נ ע באַלעבאַטים, בני תורה דאַוונען אין בית־המדרש, אַ גרויס בית־המדרש... אַ סך ספרים! חסידים ווידער דאַוונען אין שטיבלעך!

— און מחלוקת פאַראַן?

— כל זמן מען לעבט! אויפן קברות פאַר דאָס, איז שלום... איין בית־עלמין פאַר אַלע... דאָס מרחץ מיט דער מקווה זענען אויך בשותפות פאַר אַלע...

— וואָס נאָך פאַרמאָגט איר?

— וואָס דאַרף מען נאָך? געווען הכנסת אורחים, אונטערגעגאַנ־

גען... אורחים קענען שלאָפן אין בית המדרש... לײדיק בײנאַכט... א הקדש האָבן מיר!

— א שפּיטאָל, מײנט איר?

— נישט קײן שפּיטאָל, נאָר א הקדש, צװײ שטיבער, פריער איז עס געװען דעם בעדערס דירה, דערנאָך האָט מען געמאַכט, דער בערער זאָל יוצא זײן מיט אײן שטוב און די צװײטע זאָל זײן א הקדש... בסך הכל ליגן דאָרט, דאַכט זיך, דרײ קראַנקע װײבער, אײנע, נעבעך, אן אַלטע, אָפּגענומענע פיס, און ליגט איבעראַנאַנד; א צװײטע — הענט און פיס אָפּגענומען, און נאָך א משוגענע עגונה, דרײ װינקלען פאַרנעמען די בעטן, אין פערטן שטײען קוממען־אױװן! אינמיטן האָב'מיר נאָך א טויטן־שטיבל, טאָמער טרעפט זיך!

— איר לאַכט פון מיר, ר' קרוב, — פאַל איך אים אין די רייד — עס איז דאָך ציאַכנאָװוקע! ציאַכנאָװוקע מיט איר מסחר, צדקות און מעשים טובים! פאַרװאָס זאָגט איר: די טויטע שטאָט?

— װײל איך מײן טאַקע די טויטע שטאָט! איך רעד פון א שטאָט, װאָס באַלד אין דער התחלה, װען זי האָט זיך געבױט, איז זי געהאַנגען אױף א האָר, און הײנט, אז די האָר האָט זיך איבערגעריסן, הענגט זי אין דער לופט. אױף גאָרנישט האַלט זי זיך. און װײל זי האַלט זיך אױף גאָרנישט און שװעבט אַרום אין לופט, איז זי געװאָרן א טויטע שטאָט... װילט איר, װעל איך אײך דערצײלן, פאַרװאָס און װי אַזױ.

— אדרבא... זײער אינטערעסאַנט.

---

עס פאַלט דערװײל צו די נאַכט... דער הימל װערט אין א זײט בלוטיק, פײערדיק; דאָרט גײט אונטער די זון. פון דער צװײטער זײט דאַקעגן, פון א קלאָרן, לײכטן געפיל שװימט אַרױס די לבנה, װי א כלהס פּנים פון אונטער א װײסן שלײער. די בלאַסע שטראַלן, װאָס זי זײעט אױף איבער דער ערד, ציטערן און מישן זיך אױס מיט די ציטערדיקע שאָטן פון דער טרױעריק שטילער נאַכט...

עס װערט אומהײמלעך...

מיר פאָרן אַרײן אין א װעלדל. דער לבנהס שטראַלן גנבענען זיך צו אונדז דורך די ציטערדיקע בלעטער...

אונטן, צװישן אַראָפּגעפאַלענע בלעטער און צװײגן, טאַנצן אַרום קלײנע לײכט־רעדלעך, װי זילבערנע מטבעות, עפּעס א כישוף שטעקט אין דער באַלײכטונג, אין שטיל־רױשנדיקן װאַלד...

איך ווארף א בליק אויפן אורח, ער האָט שוין, דאכט זיך, גאָר אן אנדער פּנים... עס איז אזוי טרויעריק און ערנסט, דער בליק, דאכט זיך, איז אזוי ערלעך און פּראָסט...

זאָל דאָס אלץ אמת זיין?

הא... איך וועל הערן!

— פון דער ערשטער רגע אָן — דערציילט דער ייד, — האָט די שטאָט געהאנגען אויף א האָר, ווייל מען האָט זי באלד געשטעלט אויף אן אָרט, ווו עס טאָר, על פּי דין, קיין יידישע שטאָט נישט זיין! ערשט, אז עס האָט זיך צונויפגעזאמלט דאָס ערשטע מנין, האָט מען געמאכט אן אסיפה... עס איז געבליבן, מען זאָל זיך צורעכענען צו איינער פון די שטעט אין דער סביבה. אויף דעם סמך האָט מען דערווייל געבויט א מקווה, אָ שיל, דערנאָך — א מרחץ, געקויפט נאָך א שטיקל ערד אויף א הייליק אָרט...

און, אז מען האָט שוין אלץ אָפּגעטון, האָט מען געשיקט שתדלנים, וווהין מען דאַרף, מען זאָל דאָס אלץ באשטעטיקן...

— מיטן קאָפּ אראָפּ?

— וואָס גייט ביי אונדז נישט אזוי? עס קען דען אנדערש זיין?...

— וויים איך...

— סיי ווי סיי — א מעשה שהיה! און עס איז גאָרנישט אזוי קרום געווען ווי איר מיינט...

געווען איז א ייד אן עושר, א גביר! דער גביר איז געווען, פאַרשטייט איר, ווי דער סדר עולם איז, א שטיקל, און אפשר א שטיק קרוב למלכות... א תקיף... האָט מען אלץ געמאכט אויף זיין נאָמען: זיין שיל, זיין מרחץ, זיין מקווה, — אפילו זיין הייליק אָרט... פּאָליציי האָט געשוויגן; איך זאָג דאָך אייך — א תקיף!

אז עס וועט קומען דאָס פּאפּיר פון הויכן אָרט, וועט ער איבערשרייבן אויף קהל, וועט אויפהערן דאָס לאַ־יחרץ געלט.

— און דערנאָך האָט דער גביר געזאָגט: עלי כתיב?

— ניין, מיין ליבער האר, דעמאָלט זענען נאָך אזוינע גבירים אין דער מאָדע נישט געווען... מען האָט ביכלל פון „עלי כתיב" נאָך נישט געוווסט. נאָר הערט וואָס עס קען זיך פּאסירן. וואָס עס מאכט זיך אמאָל אויף דער וועלט!

נישט דער גביר, נאָר דער שתדלן האָט אָנגעמאכט די גרויסע צרה... אויפן וועג, האָט ער זיך מישב געווען, און איז אנטלאָפן! מיטן געלט, מיט

די פאפירן... און איבערגעלאָזט דעם פריש געבאַקענעם קהל, אַן עגונה מיט לעבעדיקע יתומים...

— האָט מען געשיקט אַ צווייטן?

— אַזוי געשווינד? איידער מען איז געוווּיר געוואָרן, אַז ער איז אַנטלאָפן, איידער וואָס, איידער ווען, איז דערווייל דער גביר געשטאָרבן און איבערגעלאָזט, צווישן אַנדערע, אַ יורש אַ יתום קטן... פאַר 21 יאָר טאָר ער דאָך נישט אָפּשרייבן!

— איילט מען זיך נישט?

— געוויס... אַז ער וועט אַלט ווערן איינאונצוואַנציק יאָר, וועט מען שיקן אַ נייעם שתדלן און אפשר צוויי...

— און מען האָט עס פאַרשריבן לזכרון אין פּנקס?...

— אָט! אָט!... האָט טאַקע דער פּנקס געדענקט און דער עולם פאַרגעסן!

טייל זאָגן, אַז דער פּנקס איז פאַרברענט געוואָרן: דער גבאי האָט געהאַלטן דעם פּנקס און הבדלה געמאַכט, אונטערגעצונדן אַביסל בראָנפן און ואיננו...

קהל דערווייל, קיין עין־הרע, וואַקסט; יידעלעך, ברוך השם, מערן זיך. עס קומען צו פון אַנדערע קהילות אויך: דער ברענגט אַן איידעם, דער אַ שנור, מיט איין וואָרט עס צעוואַקסט זיך. און, ווי להכעיס, דעם גבירס יורשים פאַלן! די אַלמנה האָט חתונה און פאָרט אָפּ, איין זון נאָכן צווייטן זוכן פּרנסה אין דער פרעמד... אויף שבעה ימים זיך צולאָפן. געבליבן איז נאָר דער יתום קטן... קהל מאַכט אים אַן אַפּוטרופּס, מאַכט אים חתונה, גיט אים צו אַ געניטן שותף. —

— דער מאַכט אים אויס אַן אויער!

— כדת משה וישראל!

און צרות האָט ער פון שותף, גרעסערע פון ווייב; אַ פאַלשע וועקסעלע האָט ער אויך אונטערגעשריבן, מאַכט ער אויך פּליטה... אַ גרויסער באַנקראָט... היימישע, פרעמדע, עס ווערט אַ געוואַלד, אַ גערויש, עס שפּאַרט אַן אין כאַנד, עס קומט אַ קאָמאָרניק... געלט איז נישט געווען, מטלטלין האָט דאָס ווייב באַהאַלטן, — נעמט זיך דער קאָמאָרניק צו דער שיל מיטן בית עלמין!

אַ דונער האָט אַריינגעשלאָגן אין שטעטל! אַ דונער פון ריינעם הימל אָן אַ פּיצל וואָלקן, דען, פאַרשטייט איר, דאָס אַלץ איז געווען ביז דער לעצטער רגע בסוד סודות...

פלוצים, נאָר פלוצים, אויף אמאָל איז מען געוואָרן, אז קהל העננט, ווי איך האָב אייך געזאָגט, אויף א האָר!

וואָס בלייבט צו טון? פּאָרט מען צו אַדוואָקאַטן... וואָס קענען זיי ראַטן אין אזא פאַל? מען זאָל צולאָזן א ליציטאַציע, דער קאָמאָרניק זאָל אַלץ פאַרקויפן, און קהל זאָל אָפּקויפן! וועט קאָסטן, וועט קאָסטן! קהל איז דאָך אָבער דערווייל נאָך קיין קהל נישט, מען האָט דאָך די פּאַפּירן פאַר־לוירן אויפן וועג? זאָל מען אויפשטעלן אַן אַנדערן גביר, און אויף זיין נאָמען קויפן. דער עיקר — מען זאָל נישט וואַרטן, ביז דער גביר וועט, חס־ושלום, אָפּקומען אָדער אַוועקומען. רחמנא ליצלן.

אין פּלוג, דאַכט זיך, נישט קיין שלעכטע עצה... היזק האָבן געלט איז קהל געווינט... איז אָבער שוין דעמאָלט געווען נישט איין גביר, נאָר עטלעכע! שתדלנים — גאָר א מאַסע! אויף וועמען זאָל מען פאַרשרייבן? וועמען נעמט מען פאַר א שתדלן? אַלע ווילן, אַלע קענען זיך באַליידיקן... — מאַכט מען אַן אַסיפה און מען קלערט... און קלערן קלערט מען אַזוי לאַנג, ביז עס ווערט א מחלוקת. און ביי אונדז, אז עס מאַכט זיך א מחלוקת, הערט עס אַזוי געשווינט נישט אויף... אַמאָל דאַכט זיך — אָט, שוין שלום, דאָס פייער זינקט איין, נאַ דיר! קומט א שלום־מאַכער און גיסט צו בוימל, פלאַקערט ווייטער אויף, און — עד היום הזה!

דער ייד ווישט זיך אָפּ דעם בלאַסן שטערן און דערציילט ווייטער:

— דערווייל איז געשען א מעשה, טאַקע — מויל און אויערן אויפ־צושטעלן! כמעט נישט צו גלויבן...

— נאָר, — גיט ער צו מיט א שמייכל — עס איז דאָך נאַכט און די חיה, וואָס שפּאַצירט ביינאַכט אין הימל (ער ווייזט אויף דער לבנה) הייסט „אמונה"... ביינאַכט, בפרט אין אַזא שטילער נאַכט, לאָזט זיך אַלץ גלויבן...

געוויס, — בין איך אים נישט ווילנדיק מודה.

— און די מעשה איז טאַקע א שרעקלעכע.

דער קאָמאָרניק האָט אַרויפגעשטעלט א פוס אויפן הייליקן אָרט... די מתים דערהערן, ווערן, א פּנים, בייז... עס רוקן זיך אָפּ מצבות פון קברים... די מתים קומען אַרויס... איר גלויבט?

— איך בין, חס־ושלום, — זאָג איך, — קיין אפּיקורס נישט; אין השארת הנפש גלויב איך... נאָר...

— וואָס „נאָר", רב קרוב, וואָס „נאָר"?

— איך האָב געמיינט, אז נאָר די נשמה בלייבט... די נשמה, וואָס

פליט אין הימל אריין; אָבער דער גוף, וואָס גייט אין קבר אריין, דער גולם, דער פוילט... סיי ווי סיי, אָן דער נשמה, רירט ער זיך נישט... קען נישט אויפשטיין...

— גוט געזאָגט, — לויבט מיך דער ייד — אויף מיר אזא יאָר! איך האָב, — זאָגט ער ווייטער, — הנאה, אז איר זענט אַ יודע ספר... דאָך, פאַרגעסן האָט איר, ר׳ קרוב, אָן עולם הדמיון פארגעסן! די נשמה, זאָגט איר, גייט אין הימל אריין... גוט... נאָר וווהין גייט זי? איינע אין גן עדן, די צווייטע אין גהינום אריין... אין גן־עדן אריין גייט די נשמה פון צדיק, אין גהינום אריין די נשמה פון רשע! דעם קומט פאר זיין גוטס — לויתן, שור־הבר, יין־המשומר... אין יענעם, פאר זיין רשעות — הייסע סמאָלע... עס רעדט זיך נאָר אזוי! נאָר דאָס הייסט: שכר ועונש. פארוואָס קומט שכר ועונש? ווייל א מענטש, כל־זמן ער לעבט, האָט א ברירה, ווייל ער — טוט ער גוטס, וויל ער — טוט ער שלעכטס, און, אזוי ווי ער בעט זיך אוים, אזוי, האָ? שלאָפט ער...

ווי איז אָבער דער דין, אז אַ מענטש איז קיין מענטש נישט, זיין לעבן איז קיין לעבן נישט, און טוט נישט, נישט קיין גוטס, נישט קיין שלעכטס, ווייל ער קען נישט טון, ער האָט קיין ברירה נישט צו טון און, פארשלאָפט א לעבן, און קומט עס איבער ווי אין אן עולם הדמיון? וואָס קומט אזא נשמה? גהינום? פארוואָס? זי האָט קיין פליג אויף דער וואנט נישט געטויט... גן עדן? פאר וועלכער דרשה, זי האָט קיין האנט אין קאלט וואסער אריין נישט געטון...

— וואָס ווערט טאקע פון אזא נשמה?

— גאָרנישט! זי לעבט ווייטער אין עולם הדמיון... זי שיידט זיך נישט אָפּ פון גוף... נאָר פריער האָט זיך דעם בעל־דבר געחלומט, אז ער לעבט, אויף דער ערד, און היינט חלומט זיך אים, אז ער לעבט, אין דער ערד!

אין אונדזער שטעטל איז כמעט קיינער קיינמאָל נישט רעכט געשטאָרבן, ווייל עס האָט קיינער נישט רעכט געלעבט! נישט קיין גוטע, נישט קיין שלעכטע; קיין רשעים, קיין צדיקים... פשוטע שלאָף־מיצלעך אין עולם הדמיון... לייגט זיך אזא שלאָף מיצל אין קבר אריין, בלייבט עס שלאָף־מיצל נאָר אין אן אנדערע דירה, — ווייטער נישט...

דעריבער איז דאָס גאנצע שטארבן ביי אונדז א ריינע קאָמעדיע! דען, אפילו ביים לעבן, לייגט עמעצן א פעדער אונטער דער נאָז, וועט ער זי אוועקיאָגן? און אן איינגעזעסענע פליג טרייבט ער אוועק? גלאט, מען

ווערט פּטור פון א פּערטער ציצה, מען איז יוצא מיט דריי, צי מיט פיר, בּסולע, ווי ערגעץ א מינהג איז! אויך ווערט מען לויז פון דאגת פּרנסה... אָבער ווייטער?

דער זעלבער חלום, דער אייגענער עולם הדמיון... אין א סך שטעט איז אזוי... און, עס טרעפט ערגעץ, ווי ביי אונדז האָט געטראָפן, אז א מת קריכט אַרויס פון א קבר, הייבט ער גאָר נישט אָן צו געדענקען, אז ער האָט אמאָל ווידוי געזאָגט, געגוססט און איז געשטאָרבן... קוים פאלן אים ביים אויפהייבן, די שערבעלעך אראָפּ פון די אויגן, גייט ער גלייך אין בית־המדרש, אין מרחץ אריין, צי אהיים עסן קולישע... ער ווייסט פון גאָרנישט!

איך וויים נישט צי די לבנה איז שולדיק צי איך אליין בין עפּעס געוועזן נישט ווי אלע מאָל, — איך הער, גלויב, און פרעג נאָך:

— נו, זענען א ל ע, אַלע מתים אויפגעשטאַנען?...

— ווער ווייסט? מען פירט עפּעס ביכער? אפשר זענען געווען שטי־לע אפּיקורסים וואָס האָבן געקלערט, אז עס איז תחית המתים, און זענען, להכעיס, געבליבן ליגן... נאָר א קהל מתים, אן עדה איז אויפגעשטאַנען! אויפגעשטאַנען און אנטלאָפן פארן קאָמאָרניק אין נאָענטן וואלד אריין.

— פאַרוואָס אין וואלד אריין?

— אין שטאָט אריין האָבן זיי נישט געקאָנט... עס איז דאָך געווען בייטאָג, און על פּי דין, טאָר מען זיך נישט ווייזן בייטאָג אין תכריכים... א שטאָט מיט מעוברתע ווייבער... זיי קענען זיך נאָך, חס־ושלום, פאַר־קוקן און געווינען גרייטע מתים...

— רעכט... און דער קאָמאָרניק...

— איר פרעגט אויף אן ערל... ער האָט נישט געזען א וואָרט... אפשר שיכור געווען... גאָרנישט... ער האָט זיינס געטון, פאַרשריבן...

— און פאַרקויפט?

— נאָך נישט... דערווייל איז נאָך קיין קונה נישטאָ...

— און די מתים?

— אָט... די מתים!

ער רוט זיך אָפּ א רגע און דערציילט ווייטער:

— קוים איז צוגעפאלן די נאכט, זענען די מתים צוריק אין שטאָט אריין... יעדערער גייט צו זיך אהיים, גנבעט זיך אריין דורך א טיר, א פענצטער, צי דורך א קוימען... כאַפּט זיך צו צו דעם אלמער.. ארויסגענו־מען מלבושים, אָנגעטון זיך, אָפּגעגנעצט, און געלעגט זיך ווו עס איז שלאָפן...

צומאָרגנס איז שוין געווען א פולע שטאָט מתים...

— און די לעבעדיקע האָבן געשוויגן?

— מען האָט עס נישט באמערקט!... פארנומען געווען מיט מחלוקת... יעדן איז דער קאָפּ פארדרייט, אלע פאריאָמערט! און צוריק געשמועסט, ווי אזוי דערזעט מען עס א חילוק צווישן א לעבעדיקן מיט א בר מנין אָן תכריכים? עס איז נישט אזוי לייכט!

אז א זון האָט דעם פאָטער דערזען, האָט ער דריי מאָל אויסגעשפּיגן: פו, פו, פו, „און מיר האָט זיך געחלומט, אז איך האָב קדיש געזאָגט, ירושה גענומען... אלע בייזע חלומות צו מיינע שונאימס קעפּ!"

אן אלמנה דערזעט איר מאַן, וואַרפט זי אים אריין א מתנת־יד, גע־נאַרט האָט ער זי, דער עבברוש... חוזק מאכט ער; און זי, א נאַרישע יידענע, האָט אים נאָך נייע תכריכים געמאכט!

— און אז זי האָט דערוויל חתונה געהאט?

— ווער חתונה געהאט? אין מחלוקת האָט מען אונטערגעצונדן און פאַרברענט די שיל, מיטן בית המדרש מיט דער חופּה... הכל כאשר לכל... דערביי זענען כמעט אלע געווען „פאָדסוד"...

— און וואָס ווייטער?

— גאָרנישט... די מתים זענען לעבעדיק געוואָרן, די לעבעדיקע האָבן אָנגעהויבן אויסצושטארבן, פון ענגעניש, פון דער לופט... דער עיקר, פאר הונגער...

— א הונגער איז געווען.

— ווי ערגעץ! ביי אונדז יאָ... די מתים האָבן זיך געזעצט אויף זייערע ערטער אין מנינים און אויף זייערע ערטער אין דער היים ביי דער שיסל אויך... מען האָט נישט געוווסט, נאָר עס האָבן פּלוצים לעפל פאר־פעלט, — פון איין שיסל עסט מען, האָט פארפעלט לעפל... א באלעבאָסטע ווייסט, אז זי האָט אזוי פיל לעפל ווי מענטשן... קלערט זי, א גנבה! פרומע זאָגן: א כישוף... נאָר, אז מען ווערט געוווויר, אז אומעטום פעלט און אז דאָס עסן גענינגט נישט, — האָט מען שוין געזאָגט: א הונגער־יאָר און מען האָט געהונגערט, און מען הונגערט נאָך...

---

אין א קורצער צייט האָבן די מתים גובר געווען די לעבעדיקע... זיי זענען היינט קהל און פירן קהל! זיי זענען נישט פּרח־ורבה, דאָס נישט, נאָר אז עמעץ שטאַרבט, גנבנען זיי אים אראָפּ פון דער מטה, נעמען ארויס פון קבר און עס גייט נאָך א מת ארום אין שטאָט.

און וואָס פעלט זיי? זאָרגן, זאָרגן זיי נישט, פאַרן טויט — קיין בּחד נישט... עסן עסט מען אבי א ברכה צו מאכן, בענטשן צו קענען... אָבער מען דאַרף עס נישט, מען בענקט נישט דערצו, הוא הדין — טרינקען... הוא הדין וויינען; הונדערט מתים קענען וויינען אין איין שטוב, — מען דאַרף קיין לופט נישט!

און מען האָט קיין צער נישט! דען פון וואַנען האָט א מענטש צער, פון וויסן — יוסף דעת יוסף מכאוב, א בר מנין — זיין דאגה! ער וויל נישט וויסן און דאַרף נישט וויסן... שלעפט זיך אַרום אין עולם הדמיון...

זיי האַלטן זיך דעריבער טאַקע פון דערווייטנס פון אַלע לעבעדיקע זאַכן... זיי האָבן קיין שאלות, קיין ספקות, קיין האַרץ־ווייטיק, עס פוילט קיינעם קיין לעבער נישט!

— ווער מיינט איר איז ביי אונדז רבּ? אַ מאָל איז געווען א לע־בעדיקער מענטש, א טוער; היינט א בר־מנין! גייט אַרום אויפן עולם הדמיון און זאָגט נאָך דעם חיי אדם ווי פון א חלום אַרויס...

וועד זענען די דיינים זיינע? זיינס גלייכן... האַלב פאַרפוילטע מתים...

און די לייט פסקענען שאלות פאַר לעבעדיקע ווי פאַר טויטע; אַלץ וויסן זיי, אַלץ טוען זיי... זיי מאַכן ברכה, זיי גייען מיט מציצה, זיי בענטשן חתן־כלה...

ווער שטעלט זיך פאַרן עמוד? א מת! א זקן ורגל א מת! ער האָט אַ פּנים פון א מת, א קול פון א מת; עס טרעפט, א האָן גיט פלוצים א קריי — אַנטלויפט ער אַוועק פון עמוד!

און די גבירים, די בעלי־טובות, רעדל־פירער, קהל־פאַרזאָרגער, דאָס גאַנצע קלאַפּערגעצייג וואָס איז? טויטע, לאַנג געשטאָרבענע, לאַנג באַ־גראָבענע!

און דעריבער איז אַזאַ עפּוש אין שיל, אין באָד, אין גאַס... סאַמע מתים...

— און איר, רבּ קרוב, איר וואָס זענט?

— איך? איך בין האַלב טויט. ענטפערט דער ייד. —

ער שפרינגט אַראָפּ פון וואָגן און ווערט נעלם צווישן די ביימער...

# באָנציע שווייג



אָ! אויף דער וועלט, האָט באָנציע שווייגס טויט גאָר קיין איינדרוק נישט געמאַכט! פרעגט עמעצן בחרם: ו ו ע ר באָנציע איז געווען, ווי אַזוי ער האָט געלעבט, אויף וואָס ער איז געשטאָרבן! צי האָט אינ׳ם דאָס האַרץ געפּלאַצט, צי די כוחות זענען אים אויסגעגאַנגען, צי דער מאַרך־ביין האָט זיך איבערגעבראָכן אונטער אַ שווערער לאַסט... ווער ווייסט? אפשר איז ער גאָר פאַר הונגער געשטאָרבן!

אַ פערד אין טראַמוויי זאָל פאַלן, וואָלט מען זיך מער אינטערעסירט. עס וואָלטן צייטונגען געשריבן, הונדערטער מענטשן וואָלטן פון אַלע גאַסן געלאָפן און די נבלה באַקוקט; באַטראַכט אפילו דאָס אָרט, ווו די מפּלה איז געווען...

נאָר דאָס פערד אין טראַמוויי וואָלט אויך די זכיה נישט געהאַט, עס זאָל זיין אַזוי פיל פערד ווי מענטשן — טויזנט מיליאָן!

באָנציע האָט שטיל געלעבט און איז שטיל געשטאָרבן; ווי אַ שאָטן איז ער דורך — דורך א ו נ ד ז ע ר וועלט!

אויף באָנציעס ברית האָט מען קיין וויין נישט געטרונקען, עס האָבן קיין כוסות געקלונגען! צו בר־מצווה האָט ער קיין קלינגענדיקע דרשה נישט געזאָגט... געלעבט האָט ער ווי אַ גרוי קליין קערנדל זאַמד ביים ברעג פון ים. צווישן מיליאָנען זיינס־גלייכן; און, אַז דער ווינט האָט׳ן אויפגעהויבן און אויף דער אַנדערער זייט ים אַריבערגעיאָגט, האָט עס קיינער נישט באַמערקט!

ביים לעבן האָט די נאַסע בלאָטע קיין צייכן פון זיין פוס נישט באַהאַלטן? נאָכן טויט — האָט דער ווינט דאָס קליינע ברעטל פון זיין קבר אומגעוואָרפן; דעם קברנס ווייב האָט עס געפונען ווייט פון קבר און דערביי אַ טעפּל קאַרטאָפל אָפּגעקאָכט... עס איז דריי טעג נאָך באָנציעס טויט, פרעגט דעם קברן בחרם, ווו ער האָט׳ן געלייגט!

וואָלט באָנציע אַ מצבה געהאַט, וואָלט אפשר איבער הונדערט יאָר

אַן אַלטערטום־פאָרשער זי געפונען, און דער נאָמען „באָנציע שוויינ״ וואָלט נאָך אַמאָל איבערגעקלונגען אין אוניוערזער לופט.

א שאָטן! זיין פאָטאָגראַפיע איז נישט געבליבן ביי קיינעם אין מוח, ביי קיינעם אין האַרץ; עס איז פון אים קיין זכר געבליבן!

„קיין קינד, קיין רינד״; עלנט געלעבט — עלנט געשטאָרבן!

ווען נישט דער מענטשלעכער גערודער, וואָלט אפשר עמעצער אַמאָל דערהערט ווי באָנציעס מאַרך־ביין האָט אונטער דער לאַסט געקנאַקט; וואָלט די וועלט מער צייט געהאַט, וואָלט עמעצער אפשר אַמאָל באַמערקט, אַז באָנציע (אויך א מענטש) האָט לעבעדיקערהייט צוויי אויסגעלאָשענע אויגן און שרעקלעך איינגעפאַלענע באַקן; אַז אפילו ווען ער האָט גאָר שוין קיין לאַסט נישט אויף די פּלייצעס, איז אים אויך דער קאָפּ צו דער ערד געבויגן, גלייך ער וואָלט לעבעדיקערהייט זיין קבר געזוכט! וואָלטן אזוי ווייניק מענטשן ווי פערד אין טראַמוויי געווען, וואָלט אפשר אַמאָל עמעצער געפרעגט: ווו איז באָנציע אהינגעקומען? !

ווען מען האָט באָנציען אין שפּיטאָל אריינגעפירט, איז זיין ווינקל אין סוטערינע נישט ליידיק געבליבן — עס האָבן דערויף צען זיינסגלייכן געוואַרט, און צווישן זיך דעם ווינקל „אין פּלוס״ ליציטירט; ווען מען האָט'ן פון שפּיטאָל־בעט אין טויטן־שטיבל אריינגעטראָגן, האָבן אויפן בעט צוואַנציק אָרעמע קראַנקע געוואַרט... ווען ער איז אַרויס פון טויטן־שטיבל — האָט מען צוואַנציק הרוגים פון אונטער אַן איינגעפאַלן הויז געבראַכט — — ווער ווייסט ווי לאַנג ער וועט רואיק ווינען אין קבר? ווער ווייסט וויפל עס וואַרטן שוין אויף דעם שטיקל פּלאַץ...

שטיל געבוירן, שטיל געלעבט, שטיל געשטאָרבן און נאָך שטילער באַגראָבן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

נאָר נישט אזוי איז געווען אויף יענער וועלט! דאָרטן האָט באָנציעס טויט א גרויסן איינדרוק געמאַכט!

דער גרויסער שופר פון משיחס צייטן האָט געקלונגען אין אַלע זיבן הימלען: באָנציע שוויינ איז נפטר געוואָרן! די גרעסטע מלאכים מיט די ברייטסטע פליגל זענען געפלויגן און איינער האָט דעם אַנדערן איבער־געגעבן: באָנציע איז „נתבקש געוואָרן בישיבה של מעלה! אין גן־עדן איז א רעש, א שמחה, א גערודער: „באָנציע שוויינ! א שפּאַס באָנציע שוויינ!״

יונגע מלאכימלעך מיט בריליאַנטענע אייגעלעך, גאָלדענע דראָט־אַרבעטנדיקע פליגעלעך און זילבערנע פאַנטאָפעלעך זענען באָנציען אַנט־

קענגנגעלאָפן מיט שמחה! דער געררויש פון די פליגל, דאָס קלאַפּן פון די פּאַנטאָפּעלעך און דאָס פרייעלעכע לאַכן פון די יונגע, פרישע, רויזיקע מײַלעכלעך האָט פאַרפולט אַלע הימלען און איז צוגעקומען ביז צום כסא־הכבוד, און גאָט אַליין האָט אויך שוין געוווּסט, אַז באָנציע שווייג קומט!

אברהם אבינו האָט זיך אין טויער פון הימל געשטעלט, די רעכטע האַנט אויסגעשטרעקט צום ברייטן „שלום עליכם" און אַ זיסער שמייכל שײַנט אַזוי העל אויף זײַן אַלטן פּנים!

וואָס רעדלט אַזוי אין הימל?

דאָס האָבן צוויי מלאכים אין גן־עדן אַרײַן פאַר באָנציעס וועגן אַ גינגאָלדענע פאָטערשטול אויף רעדלעך געפירט!

וואָס האָט אַזוי העל געבליצט?

דאָס האָט מען דורכגעפירט אַ גאָלדענע קרוין מיט די טײַערסטע שטיינער געזעצט! אַלץ פאַר באָנציען!

נאָך פאַרן פּסק פון בית דין של מעלה? פרעגן די צדיקים פאַרוווּנדערט און נישט גאָר אָן קנאה.

— אָ! ענטפערן די מלאכים, דאָס וועט זײַן אַ פּראָסטע פּוסטע פאָרמע! קעגן באָנציע שווייג וועט אפילו דער קטיגור קיין וואָרט אין מויל נישט געפינען! די „דיעלע" וועט דויערן פינף מינוט!

— איר שפּילט זיך מיט באָנציע שווייג? —

---

אַז די מלאכימלעך האָבן באָנציען געכאַפּט אין דער לופט און אָפּגעשפּילט אים אַ זמר; אַז אברהם אבינו האָט אים ווי אַן אַלטן קאַמעראַד די האַנט געשאָקלט; אַז ער האָט געהערט, אַז זײַן שטול איז גרייט אין גן־עדן; אַז אויף זײַן קאָפּ וואַרט אַ קרוין; אַז אין בית־דין של מעלה וועט מען איבער אים קיין וואָרט נישט רעדן — האָט באָנציע, גלײַך ווי אויף יענער וועלט, ג ע ש וו י ג ן פאַר שרעק! עס איז אים דאָס הארץ אַנטגאַנגען! ער איז זיכער, אַז דאָס מוז זײַן אַ חלום, אָדער אַ פּראָסטער טעות!

ער איז צו ביידע געוווינט! נישט איינמאָל האָט אים אויף יענער וועלט געחלומט, אַז ער קלויבט געלט אויף דער פּאָדלאָגע, גאַנצע אוצרות ליגן... און אויפגעכאַפּט האָט ער זיך נאָך אַ גרעסערער קבצן ווי נעכטן... נישט איינמאָל האָט אים עמעץ פאַר טעות צוגעשמייכלט, אַ גוט וואָרט געזאָגט און איבערגעדרייט זיך און אויסגעשפּיגן...

— מײַן מזל — טראַכט ער — איז שוין אַזוי!

און ער האָט מורא די אויגן אויפצוהייבן, דער חלום זאָל נישט פאַר־שווינדן; ער זאָל זיך נישט אויפכאַפּן ערגעץ אין א הייל צווישן שלאַנגען און עקדעשן! ער האָט מורא פון מויל א קלאַנג ארויסצולאָזן, מיט א גליד א ריר צו טון — מען זאָל אים נישט דערקענען און אוועקשליידערן אויף כף־הקל 1)...

ער ציטערט און הערט נישט די מלאכימס קאָמפּלימענטן, זעט נישט זייער טאַנצן ארום אי, ער ענטפערט נישט אברהם אבינו אויפן הערצלעכן „שלום עליכם", און — געפירט צום בית־דין של מעלה — זאָגט ער אים קיין „גוט מאָרגן" נישט...

אויסער זיך איז ער פאַר שרעק!

און זיין שרעק איז נאָך גרעסער געוואָרן, אז ער האָט נישט ווילנ־דיק, דערזען די פאָדלאָגע פון בית־דין של מעלה. סאמע אלאבאסטער מיט בריליאנטן! „אויף אזא פאָדלאָגע שטייען מיינע פיס!" — ער ווערט אין גאנצן פארשטארט! „ווער ווייסט וועלכן גביר, וועלכן רב, וועלכן צדיק מען מיינט... ער וועט קומען — וועט זיין מיין פינצטערער סוף!"

פאר שרעק האָט ער אפילו נישט געהערט ווי דער פּרעזידענט האָט בפירוש אויסגערופן: „די דיעלע פון באָנציע שוויינ!" און, דערלאנגענדיק דעם מליץ יושר די אקטן, געזאָגט: „לעז, נאָר בקיצור!"

מיט באָנציען דרייט זיך דער גאנצער סאלאָן. עס רוישט אים אין די אויערן. אינעם גערויש הערט ער דאָך אלע מאָל שארפער און שארפער דעם מלאכס מליצס זיס קול ווי א פידל:

— זיין נאָמען — הערט ער — האָט אים געפּאסט ווי צו'ן א שלאנק לייב א קלייד פון אן ארטיסט א שניידערס האנט.

— וואָס רעדט איר? — פרעגט זיך באָנציע, און ער הערט ווי אן אומגעדולד קול האקט אים איבער און זאָגט:

— נאָר אָן משלים!

— ער האָט זיך קיינמאָל — הויבט ווייטער אָן דער מליץ יושר — אויף קיינעם נישט געקלאָגט, נישט אויף גאָט, נישט אויף לייט; אין זיין אויג האָט קיינמאָל נישט אויפגעפלאמט קיין פונק פון האס, ער האָט עס קיינמאָל נישט אויפגעהויבן מיט א פּרעטענזיע צום הימל.

באָנציע פארשטייט ווייטער נישט א וואָרט, און דאָס הארטע קול שלאָגט ווייטער איבער:

---

1) כף־הקלע.

— אַן רעטאָריק!

— איוב האָט נישט אויסגעהאַלטן. ער איז אומגליקלעכער געווען —

— פאַקטן, טרוקענע פאַקטן! רופט נאָך אומגעדולדיקער דער פּרעזעס.

— צו אכט טאָג האָט מען אים מל געווען —

נאָר אַן ר ע א ל י ז ם !

— א מוהל אַ פּושער האָט דאָס בלוט נישט פאַרהאַלטן —

— ווייטער!

— ער האָט אַלץ געשוויגן (פירט ווייטער דער מליץ יושר) אפילו ווען די מוטער איז אים געשטאָרבן און ער האָט צו דרייצן יאָר א שטיפ־מאמע באַקומען... א שטיפמאמע אַ שלאַנג, א מרשעת...

— מיינט מען דאָך אפשר פאָרט מיך? טראכט באַנציע —

— אַן אינסינואַציעס 1) אויף דריטע פּערזאָנען, בייזערט זיך דער פּרעזעס.

— זי פלעגט אים קארגן דעם ביסן... אייערנעכטיק פארשימלט ברויט... האָר־פלאָקס פאַר פלייש... און זי האָט קאַווע מיט סמעטענע געטרונקען —

— צו דער זאַך! שרייט דער פּרעזעס.

— זי האָט אים פאַר דאָס קיין נעגל נישט געקאַרגט און זיין ברוין־און בלוי לייב פלעגט ארויסקוקן דורך אלע לעכער פון זיינע פארשימלט־צעריסענע קליידער... ווינטער אין די גרעסטע פרעסט האָט ער איר באָרוועס אויפן הויף האָלץ געהאַקט, און די הענט זענען צו יונג און צו שוואַך גע־ווען, די קלעצלעך צו דיק, די האַק צו שטומפּיק... נישט איינמאָל האָט ער זיך די האַנט פון די געלענקן אויסגעריסן, נישט איינמאָל האָט ער זיך די פיס אָפּגעפרוירן, נאָר ג ע ש וו י ג ן האָט ער, אפילו זיך פאַרן פאָטער —

— פאַרן שיכור! לאַכט אריין דער קטיגור, און באַנציען ווערט קאַלט אין אַלע איברים —

— נישט געקלאָגט, ענדיקט דער מליץ יושר דעם זאַץ.

— און שטענדיק עלנט — פירט ער ווייטער — קיין חבר, קיין תלמוד תורה, קיין חדר... קיין גאַנץ בגד... קיין פרייע מינוט —

—פאַקטן — רופט ווייטער דער פּרעזעס.

1) מלשינות.

— ער האָט געשוויגן אפילו שפּעטער, ווען דער פּאָטער האָט'ן, שיכורערהייט אַמאָל אָנגעכאַפּט ביי די האָר און אינמיטן אַ שנייענדיקער ווינטער־נאַכט ארויסגעוואָרפן פון שטוב! ער האָט זיך שנעל אויפגעהויבן פון שניי און איז אַנטלאָפן ווו די אויגן האָבן אים געטראָגן...

אויפן גאַנצן וועג האָט ער געשוויגן... ביים גרעסטן הונגער האָט ער נאָר מיט די אויגן געבעטלט!

ערשט אין אַ שווינדלדיקער, נאַסער פרילינג־נאַכט, איז ער אין אַ גרויסער שטאָט אריינגעקומען, ער איז אַריין ווי אַ טראָפּן אין אַ ים און דאָך האָט ער די אייגענע נאַכט אין ארעסט פארבראַכט... ער האָט געשוויגן, נישט געפרעגט פארוואָס, פאר ווען? ער איז ארוים און די שווערסטע ארבעט געזוכט! נאָר ער האָט געשוויגן!

שווערער פאר דער ארבעט איז געווען זי צו געפינען — ער האָט געשוויגן!

באָדנדיק זיך אין קאַלטן שוויים, צוזאַמענגעדריקט אונטער דער שווערסטער לאַסט, ביים גרעסטן קראַמפּ אין ליידיקן מאָגן — האָט ער געשוויגן!

באשפּריצט פון פרעמדער בלאָטע, באַשפּיגן פון פרעמדע מיילער, געיאָגט פון טראָטוארן מיט דער שווערסטער לאַסט אראָפּ אין גאַסן צווישן דראָשקעס, קארעטן און טראַמוויים, קוקנדיק יעדע מינוט דעם טויט אין די אויגן אריין — האָט ער געשוויגן!

ער האָט קיינמאָל נישט איבערגערעכנט, וויפל פוד לאַסט עס קומט אוים אויף אַ גראָשן, וויפל מאָל ער איז געפאַלן ביי יעדן גאַנג פאר אַ דרייער, וויפל מאָל ער האָט שיר־נישט די נשמה אויסגעשפּיגן, מאָנענדיק זיין פארדינסט; ער האָט נישט גערעכנט, נישט ז יי ן , נישט י ע נ ע מ ם מזל, נאָר געשוויגן!

זיין אייגן פארדינסט האָט ער אויך נישט הויך געמאָנט! ווי אַ בעטלער האָט ער זיך ביי דער טיר געשטעלט, און אין די אויגן האָט זיך אַ הינטישע בקשה געמאָלט! „קום שפּעטער" און ער איז פארשוווּנדן שטיל ווי אַ שאָטן, כדי שפּעטער נאָך שטילער אויסצובעטלען זיין פארדינסט!

ער האָט אפילו געשוויגן, ווען מען פלעגט אים אָפּרייסן פון זיין פארדינסט, אָדער אריינוואַרפן אַ פאַלשע מטבע!...

ער האָט אַלץ געשוויגן...

— מיינט מען דאָך טאַקע מיך! טרייסט זיך באָנציע.

---

— איינמאָל — פירט ווייטער דער מליץ יושר נאָך א טרונק־וואסער — איז אין זיין לעבן אַן ענדערונג געשען... עס איז דורכגעפלויגן א קאַטש אויף גומענע רעדער מיט צעפלאַשעטע פערד... דער שמייסער איז שוין לאַנג פון ווייטנס געלעגן מיט א צעשפּאָלטענעם קאָפּ אויפן ברוק... פון די דערשראָקענע פערדס מיילער שפּריצט דער שוים, פון אונטער די פּאָדקאָוועס יאָגן זיך פונקען, די אויגן בלישטשען ווי ברענענדיקע שטור־קאַצן אין א פינצטערער נאכט — און אין קאַטש זיצט נישט טויט נישט לעבעדיק א מענטש!

און באָנציע האָט די פערד פאַרהאַלטן!

און דער געראַטעוועטער איז געווען א ייד א בעל־צדקה און האָט באָנציען די טובה נישט פאַרגעסן!

ער האָט אים דעם געהרגטנס בייטש איבערגעגעבן; באָנציע איז א שמייסער געוואָרן! נאָך מער — ער האָט אים חתונה געמאכט, נאָך מער — — ער האָט אים אפילו מיט א קינד פאַרזאָרגט —

און באָנציע האָט אַ ל ץ געשוויגן!

— מיך מיינט מען, מיך! באַפּעסטיקט זיך באָנציע אין דער דעה, און האָט דאָך נישט די העזה אַן אויג צו וואַרפן אויפן „בית־דין של מעלה”...

ער הערט זיך ווייטער איין צום מלאך מליץ:

— ער האָט געשוויגן אפילו ווען זיין בעל־טובה האָט אין קורצן באַנקראָטירט און אים זיין לוין נישט באַצאָלט...

ער האָט געשוויגן אפילו ווען דאָס ווייב איז פון אים אנטלאָפן און איבערגעלאָזט אים א קינד פון דער ברוסט...

ער האָט געשוויגן אפילו מיט פופצן יאָר שפּעטער, ווען דאָס קינד איז אויסגעוואקסן און געגוג שטאַרק געווען — באָנציען ארויסצוּוואַרפן פון שטוב...

— מיך מיינט מען, מיך! פרייט זיך באָנציע.

---

— ער האָט אפילו געשוויגן — הויבט אָן ווייכער און טרויעריקער דער מלאך מליץ — ווען דער איינגענער בעל־טובה האָט זיך מיט אַלע אויסגעגליכט, נאָר אים קיין גראָשן שכירות נישט צוריקגעגעבן — און אפילו דעמאָלט, ווען ער איז באָנציען (ווייטער פאַרנדיק אויף א קאַטש מיט גומענע רעדער און פערד ווי לייבן) איבערגעפאָרן...

ער האָט אַלץ געשוויגן! ער האָט אַפילו דער פּאָליציי נישט געזאָגט, ווער עס האָט אים צורעכטגעמאַכט...

---

ער האָט געשוויגן אַפילו אין שפּיטאָל, ווו מען מעג שוין ש ר יי ע ן!

ער האָט געשוויגן אַפילו ווען דער דאָקטאָר האָט אָן פּופּצן קאָפּיקעס נישט געוואָלט צוגיין צו זיין בעט, און דער וועכטער, אָן פינף קאָפּ. — טוישן אים די וועש!

ער האָט געשוויגן ביים גוססן — ער האָט געשוויגן ביים שטאַרבן... קיין וואָרט קעגן גאָט, קיין וואָרט קעגן לייט!

— דיקסי!

---

באָנציע הויבט אָן ווייטער צו ציטערן אויפן גאַנצן לייב. ער ווייסט אַז נאָכן מליץ יושר גייט דער קטיגור! ווער ווייסט וואָס ד ע ר וועט זאָגן! באָנציע אַליין האָט זיין לעבן נישט געדענקט. נאָך אויף יענער וועלט האָט ער יעדע מינוט די פריערדיקע פאַרגעסן.. דער מלאך־מליץ האָט אים אַלץ דערמאָנט... ווער ווייסט וואָס דער קטיגור וועט אים דערמאָנען!

— רבותי! הויבט אָן אַ שאַרף־שטעכנדיק־בריענדיק קול —

נאָר ער האַקט אָפּ —

—רבותי, הייבט ער נאָך אַמאָל אָן, נאָר ווייכער און האַקט ווייטער אָפּ.

ענדלעך הערט זיך, פון דעם אייגענעם האַלדז אַרויס, כמעט אַ ווייך קול:

— רבותי! ער האָט געשוויגן! וועל איך אויך שווייגן!

עס ווערט שטיל — און פון פאָרנט הערט זיך אַ נייע ווייכע ציטערדיקע שטימע:

— באָנציע, מיין קינד באָנציע! רופט אים ווי אַ האַרפע... מיין האַרציק קינד באָנציע!

אין באָנציען צעוויינט זיך דאָס האַרץ... ער וואָלט שוין אַצינד די אויגן געעפנט, נאָר זיי זענען פאַרפינצטערט פון טרערן... עס איז אים אַזוי זיס־וויינענדיק קיינמאָל נישט געווען... „מיין קינד“, „מיין באָנציע“ — זייט די מוטער איז געשטאָרבן, האָט ער אַזאַ קול און אַזוינע ווערטער נישט געהערט —

— מיין קינד! פירט ווייטער דער אב־בית־דין — דו האָסט אַלץ געליטן און געשוויגן! עס איז נישטאָ קיין גאַנץ גליד, קיין גאַנץ ביינדל

אין דיין ליב אָן א ווונד, אָן א בלוטיק אָרט, עס איז נישטאָ קיין איין באַהאלטן אָרט אין דיין נשמה, ווו עס זאָל נישט בלוטן... און דו האָסט אַלץ געשוויגן...

דאָרט האָט מען זיך נישט פארשטאַנען דערויף! דו אליין האָסט גאָר אפשר נישט געוווּסט, אז דו קענסט שרייען, און אז פון דיין געשריי קענען יריחום מויערן ציטערן און איינפאלן? דו אליין האָסט פון דיין פאר־שלאָפענעם כוח נישט געוווּסט...

אויף יענער וועלט האָט מען דיין שווייגן נישט באַלוינט, נאָר דאָרט איז דער עולם־השקר, דאָ, אויפן עולם־האמת, וועסטו דיין לוין באַקומען!

דיר וועט דאָס בין־דין של מעלה נישט משפטן, דיר וועט עס נישט פּסקענען.

דיר וועט עס קיין חלק נישט אויס־ און נישט אָפּטיילן: נעם דיר, וואָס דו ווילסט! אלעס איז דיין!

באָנציע הייבט דאָס ערשטע מאָל די אויגן אויף! ער ווערט ווי פארבלענדט פון דער ליכט פון אלע זייטן! אַלעס בלאַנקט, אלע בליש־טשעט, פון אַלעס יאָגן שטראַלן: פון די ווענט, פון די כלים, פון די מלאכים, פון די דיינים! סאַמע ענגלען!

ער לאָזט די מידע אויגן אַראָפּ!

— טאַקע? — פרעגט ער מסופק און פארשעמט.

— זיכער! — ענטפערט פעסט דער אב־בית־דין! זיכער, זאָג איך דיר, אז אַלעס איז דיין. אַלעס אין הימל געהער צו דיר! קלייב און נעם, וואָס דו ווילסט, דו נעמסט נאָר ביי דיר אליין!

— טאַקע? — פרעגט באָנטשע נאָכאַמאָל, נאָר שוין מיט א זי־כערן קול.

— טאַקע! טאַקע! טאַקע! — ענטפערט מען אים אויף זיכער פון אַלע זייטן.

— נו, אויב אזוי — שמייכלט באָנטשע — וויל איך טאַקע אַלע טאָג, איינדערפרי א הייסע בולקע מיט פרישער פּוטער!

דיינים און מלאכים האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ פארשעמט; דער קטיגור האָט זיך צעלאַכט.

# דאָס שטריימל



ייַן בין איך אַ קירזשנער, נאָר דער עיקר — אַ שטריימל־מאַכער.
אמת איז, אַז דאָס רוב פּרנסה האָב איך פון פוּיערשע סיער־מיענגעס און טרעגער־פּעלצלעך.

עס פאַלט אויך אַמאָל אַריין ליב מילנער מיטן שאָפן־פּעלץ...

אמת איז, אַז אַ שטריימל טרעפט זיך זעלטן, זייער זעלטן; דען — ווער טראָגט היינט אַ שטריימל? אַ רב! און אַ שטריימל לעבט אים שטענדיק איבער...

אויך איז אמת, אַז ווען עס טרעפט זיך שוין אַ שטריימל, מאַך איך עס ערשט אומזיסט. לכל־הפּחות — לייג איך מיין אַרבעט צו. דאָס אַלעס בין איך מודה, און דאָך בין איך דער עיקר אַ שטריימל־מאַכער, ווייל אַ שטריימל האָב איך ליב צו מאַכן!

אַז עס קומט צו מיר אין די הענט אַריין, איז „אחרי בלותי" — פיל איך ערשט וואָס איך בין און וואָס איך קאָן!

פון וואָס דען — זאָגט אַליין — זאָל איך הנאה האָבן?

איך פלעג אַמאָל הנאה האָבן פון פּויערשע סיערמיענגעס...

ערשטנס: פאַר וואָס נישט?

צווייטנס האָב איך מיר געטראַכט: „דאָס פּויערל גיט אונדז ברויט, ער אַרבעט זומער אַזוי שווער און ביטער, און איך קען אים נישט שיצן פאַר דער זון, וועל איך כאָטש ווינטער, ווען ער רוט, אים אָפּהיטן פון קעלט!"

און דריטנס האָב איך געהאַט אַ פיין לידעלע דערצו!

אַ יונגער מאַן בין איך געווען, אַ קול האָב איך געהאַט ווי אַ גלאָק, און איך פלעג נייען און זינגען:

„שטעך, נאָדל, שטעך,
„אַ לעדער ווי אַ בלעך,
„אַ פוטער ווי אַ באַרשט!
„ס'מאַכט זיך אַ סיערמיענגע פיין

„ס'וועט דעם פויערל ווארעם זיין...

„מרים־לעב, מיך דארשט!"

און אזוי ווייטער! נאָך עטלעכע סטראָפן... און דאָס גאנצע לידל, פארשטייט זיך, איז נאָר געמאַכט געוואָרן פארן „מאמר המוסגרים" וועגן, עס זאָל אויסקומען דער — „מרים־לעב, מיך דארשט!"

ווייל, איר מוזט וויסן, אז די היינטיקע אשה־צנוע, מרת מרים־דבשה, איז דעמאָלט נאָך קיין גבאיטע נישט געווען; זי האָט מיך נישט גערופן ווי היינט „בערל קאַלבאַס", נאָר „בערעלע", און איך פלעג זי רופן „מרים־לעב"! און עס איז, בעונותינו הרבים, געווען א גרוים ליבשאַפט צווישן אונדז, און קוים האָט זי דערהערט דעם „מאמר המוסגר" — אז מיך דארשט, האָט זי מיר באלד דערלאַנגט אביסל ווײַנשל־שנאַפּס! שנאַפּס האָט א גרויסע פעולה אויפן כוח־הדם, איך פלעג זי טאַקע תוך כדי דיבור אָנכאַפּן ביים קלייד, דערלאַנגען א ברענענדיקן קוש אין די רויטע קירשן אריין... און דאָפּלט דערפרישט, נעמען זיך צוריק צו דער סיערמיעננגע!

היינט — אוים קירשן!

אײַך היים „בערל קאַלבאַס", זי „מרים־דבשה"...

אויך בין איך געוואָר געוואָרן, אז ערד איז דאָ ווייניק, פויערן — א סך... מען זאָגט: צופיל... אז די „איבעריקע" פויערן ליידן הונגער; אז אפילו פון זעקס מאָרג ערד קען מען אויך נישט לעבן, אז ווינטער, דעריבער, רוט דאָס פויערל אויך נישט.

עס גייט ערשט א „זוואָזקע!"

א שיינע רו האָט ער עס ווינטער! גאנצע טעג און נעכט פירט ער ווייץ אין לייבלס מיל אריין!

וואָס קלערט איר? איך קען א סך נחת האָבן, אז מיין סיערמיעננגע, מיין פראַצע, ווערט א גאנצן ווינטער אויסגעווייקט, נאָכקריכנדיק א פּאָר פּגירהשע פערד, וואָס שלעפּן לייבל מילנערס תבואה פּאַר 13 גראָשן פער זאַק, פּאַר 5 מייל וועגס!

פיש! און וואָס האָב איך פּאַר א נחת פון א טרעגער־פּעלצל?

א גאנצן ווינטער טראָגט ער זעק מיט מעל אין לייבל מילנערס מיל אריין און א גאנצן זומער ליגט עס פארזעצט אין שענק פּאַר ח"י גראָשן.

אלול־צייט, אז מען ברענגט עס מיר אויפצוריכטן, ווער איך נאָך שיכור פון ריח פון שלעכטן בראָנפן!

און אז לייבל מילנערס שאָפּן־פּעלץ, בכבודו ובעצמו, פאַלט מיר אין די הענט אריין, ווי מיינט איר, האָב איך נחת דערפון?

עס איז טאקע א שאָפן־פּעלץ, עס איז טאקע א כבוד, מען האָט טאַ־קע דערפאר דרך־ארץ אין שטעטל; נאָר מיר קומט דערפון קיין גוטס נישט ארויס.

איך האָב א מיאוסע טבע געקריגן: איבער וואָס איך זע, האָב איך ליב צו קלערן: פון וואַנען עס קומט? פאר וואָס עס איז אזוי? צי קען נישט אַנדערש זיין? און אזוי ווי איך קריג לייבל מילנערס פּעלץ אין דער האַנט אריין, הייב איך אָן צו קלערן:

רבונו של עולם! נאָך וואָס האָסטו באַשאַפן אזוי פיל מינים פּעלצן? פאר וואָס האָט איינער א שאָפן־פּעלץ, דער צווייטער א טרעגער־פּעלצל, און דער דריטער א סערמיענגע און א פערטער גאָרנישט?

און קוים הייב איך אָן קלערן, פארטראכט איך מיך, די נאָדל בלייבט שטיין, און האשה־צנועה, מרת מרים תחיה, ווארפט מיר וואָס עס קומט איר אונטער דער האַנט, אין קאָפּ אריין...

זי וויל גלייך מיט אלע, אז „בערל קאָלבאַס" זאָל ווייניקער קלערן און מער ארבעטן...

נאָר וואָס זאָל איך טון, אז איך מוז קלערן! אז איך ווייס פּאָרט, אז לייבל מילנער לאָזט זיך נישט פריער איבערשטרייכן דעם שאָפּן־פּעלץ, ביז ער רייסט נישט אָפּ א גראָשן פון זאַק דער סיערמיענגע, און דעם אייגענעם גראָשן פער פּוד דעם פּעלצל...

נו, זאָל איך פון דעם נחת האָבן?

---

א, איך האָב שיר־נישט פארגעסן!

א וואָך פאר סליחות האָט זיך מיר שיר־נישט געמאכט א נייע מאָדנע ארבעט... וואָס ווייבער קענען! עס קומט אריין פריידל די גבאיטע מיט שרעקלעך גרויסע האַנטשו אויף די הענט — איך קוק מיך צו, עס איז א פּאָר פויערשע שטיוול — איך האָב געמיינט, אז איך פלאָץ פאר געלעכטער.

— גוט־מאָרגן! — מאכט זי מיר, מיט איר זיס־אָפּגעריסן קולעכל, גוט־מאָרגן! בערעלע!

זי איז מיין ווייבס חברטע, און איז זיך נוהג, פּונקט ווי די גאַנצע שטאָט, און רופט מיך „בערל קאָלבאַס"; היינט: בערעלע! און אזוי זיס — איינגעמאכטס דערפון צו פרעגלען! פארשטיי איך שוין, אז זי דאַרף עפּעס צו מיר...

איך קלער, אז זי האָט די פויערשע שטיוול פון א וואָגן „אראָפּגע־

צוויגן (עס איז דאָך נישט ערגער פאַר קליין־געלט פון — צדקה־פּושקע) און וויל ביי מיר די סחורה באַהאַלטן! — פרעג איך זי שטרענג:

— וואָס ווילט איר?

— באַלד מיטן „ירגזון", — ענטפערט זי נאָך זיסער, האָניק רינט איר פון אַלטן מויל אַרויס, — באַלד „וואָס ווילט איר?" און ווו איז דער „גוט־יאָר"!

— זאָל זיין „גוט־יאָר", נאָר אַן עס —

— וואָס איילסטו דיך, בערעלע — שמייכלט זי נאָך זיסער — אַט בין איך געקומען דיך פרעגן, אויב דו האָסט נישט נישט עטלעכע שטיקלעך פוטער —

— און וואָס איז, אַז כ'האָב?

— וואָלט איך דיר אָנשלאָגן אַן עסק — מאַכט זי.

— נו? אַרויס דערמיט! רעדט!

— דו זאָלסט זיין אַ גוטער, בערעלע, וואָלסטו מיר אויסגעבעטן אַט־די שטיוול מיט שטיקלעך פוטער! איך וואָלט געהאַט אין וואָס צו גיין צו סליחות, און דו וואָלסט דיר גאָר וואָלוול אַ מצווה געקויפט!

איר פאַרשטייט אַ מסחר? אַ „וואָלוועלע מצווה!"

— איר ווייסט דאָך — זאָג איך איר — אַז בערל קאַלבאַס איז נישט קיין בעל־עסקן אויף מצוות?

— נאָר וואָס? פון אַן אָרעמער יידענע וועסטו געלט נעמען?

— נו, נישט קיין געלט! איך וועל אייך עס טון פאַר גאָר אַ קלייניקייט: א י ך וועל אייך אויסבעטן די שטיוול, און א י ר וועט נאָר מיר דערציילן אייערע חטאת־נעורים...

וויל זי נישט, האָב איך זי אָפּגעשיקט צו אַן איינבינדער!

בעט איך נישט קיין שטיוול אויס! עס איז מיר אַזוי אויך נמאס ומאוס פאַרן לעבן! איר לאַכט? און דאָך, אַז איך האָב נישט קיין שטריימל, איז מיר אַלעס נמאס ומאוס! ווערן וואָס? אויף וואָס אַרבעט איך? אַלץ דעם שטיק חומר אָנצולייגן! און מיט וואָס? מיט ברויט און מיט קאַרטאָפל, ברויט אַן קאַרטאָפל און גאַנץ אָפט נאָך מיט קאַרטאָפל אָן ברויט, כדאי?

גלייבט מיר, אַז אַ מענטש אַרבעט פופציק יאָר און עסט פופציק יאָר טאָג־טעגלעך קאַרטאָפל, מ ו ז אים נמאס ומאוס ווערן דאָס לעבן! מוז איך דאָך אַמאָל איינפאַלן — זיך, אָדער לייבל מילנער, אַ מעשה צו

טון! און אויב איך עס ווייטער רואיק מיינע קארטאָפל, און ארבעט ווײַ־טער, האָב איך עס נאָר דעם שטריימל צו פארדאנקען!

אז איך קריג אַ שטריימל אין דער האַנט אריין, ווערט מיר אויפ־געפרישט דאָס בלוט אין די אָדערן! ווייס איך נאָך וואָס איך לעב!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

מאכנדיק דאָס שטריימל, פיל איך, אַז איך האלט אַ פויגל אין דער האַנט, און אָט וועל איך זי עפענען, וועט דער פויגל ארויפליען הויך, הויך, קוים מיטן אויג צו דערזען!

און איך וועל שטיין און קוקן און קוועלן: דאָס איז מ י י ן פויגל, א י ך האָב'ן געמאכט, א י ך האָב'ן ארויפגעשלאָגן אין דער הייך!

אין שטאָט, ברוך־השם, האָב איך קיין דעה נישט, צו קיין אסיפה דופט מען מיך נישט, אַליין גיין, בין איך קיין שניידער נישט, איך קום נישט כמעט ארויס אין גאַס אריין! איך האָב קיין שטאָט נישט, נישט אין שיל, נישט אין בית־המדרש, נישט ביי אַ מנין! איך האָב אויף גאָרנישט, אין ערגיץ נישט צו שאפן... אין דער היים איז מרת מרים די רייטער־קע! איידער איך פרווו עפענען דאָס מויל צו רעדן אַ וואָרט, באַהאָגלט זי מיך שוין מיט קללות! זי ווייסט שוין, וואָס איך וויל זאָגן, וואָס „בערל קאַלבאס" מיינט, און עס קאָכט!

נו, וואָס בין איך? אַ גאָרנישט! און דאָך, לאָז איך אַמאָל ארויס אַ שטריימל אויף קהל — בייגט זיך קהל אין דרייען!

איך זיץ אינדערהיים און שוויַיג, און מיין שטריימל שאָקלט זיך אויבנאָן אויף אַ חתונה, אויף אַ ברית, אויף אַ סעודת־מצווה... עס הויִ־דעט זיך איבערן גאנצן עולם ביי דער קלפי, ביי אַ דין־תורה!

און אז איך דערמאָן מיך אין דער גדולה, וואקסט מיר טאקע דאָס האַרץ...

---

קעגנאיבער מיר וווינט אַ שמוקלער... איך בין אים אָסור נישט מקנא!

זאָל זיינער אָן עפּאָלעט, אָדער אַ שליפע, זאָגן אויף א יי ן אָקס „טריפה!" און אויפן צ ו ויי ט ן „כשר!" אדרבא, לאָמיר זען! און אַז מיין שטריימל זאָגט אויף פיר אָקסן דורכאנאנד: „טריפה!" ווערט דער קצב א ו י ס ג ע ר י ס ן, די העקער־יונגען באַהאַלטן די ציין אין בייטל, דאָס גאנצע שטעטל האָט „ניין־טעג", אַ גאנצע סאָטניע קאָזאקן

קריגט פאר זעקס גראשן א פונט פלייש, און פארפאלן! עס רעדט קיינער נישט א ווארט!

אט, דאס הייסט א גבורה!

איך געדענק דען נישט?! פאראיארן איז געווען א פגירה אויף שאף.

עפעס, זאגט מען, מאכן די שעפעלעך אזוינע מאדנע הקפות, ביז זיי פארדרייען די קעפלעך און פאלן אנידער טויט! איך בין נישט געווען דערביי; „הקפות" איז „הקפות", נאר מן־הסתם האט שוין יענקל קצב געהאט וואלוול שאפן־פלייש!

דער וועטערינאר איז געקומען און געזאגט: טריפה! מען הערט אים ווי די קאץ!

ער האט אראפגעבראכט פירערליי עפאלעטן, א פאר שליפעס! מען האט זיי אלע אוועקגעגנבעט דאס פלייש פון אונטער די הענט, און נאך אויפן דריטן טאג האט דאס גאנצע שטעטל געהאט וואלוול כשר פלייש אויף וועטשערע!

ביי מיין שטריימל גנבעט מען נישט! עס דארף קיין שליפעס, קיין עפאלעטן נישט, ער אליין רירט זיך אויך נישט פון ארט! און כל־זמן מיין שטריימל זאגט נישט: עס! עפנט זיך אין שטעטל קיין מויל נישט אויף!

---

איר מיינט אפשר, אז די גבורה שטעקט אין דעם, וואס איז אונ־טערן שטריימל־ אסור חזיר!

איר ווייסט אפשר נישט, וואס דערונטער איז?

איך, ב"ה, ווייס!

די בריאה איז, ב"ה, פריער אין גאך א קלענער שטעטל א מלמד געווען, און מיין טאטע, עליו־השלום, איידער ער האט געזען, אז עס וועט שוין פון מיר קיין לייט נישט זיין, האט ער מיך אהינגעשיקט צו דער בריאה לערנען! עס איז געווען רחמנא־ליצלן א שלימזל, וואס די וועלט פארמאגט עס נישט! א זעלטענער מלמד!

די באלעבאטים האבן געזען, אז ער קען זיך נישט אויף קיין „צורת מטבע", האבן זיי אים באלד אפגעריסן א העלפט שכירות, און די צוויי־טע העלפט געצאלט מיט אפגעריבענע צווייערס פאר דרייערס, אדער מיט בלעכענע פערציקערס; די רביצן האט געזען, אז זי וועט מיט אים מיט גוטן נישט ארויס, פלעגט זי אים טאג־טעגלעך דאס בערדל אויסציפן!

און איר האט איר נישט וואס פאריבל צו האבן!

ערשטנס האָט געפֿעלט פּרנסה; צווייטנס האָט אַ יידענע ליב צו צופּן; דריטנס, האָט ער שוין אַזאַ בערדל געהאַט, וואָס האָט זיך גע־בעטן, כמעט געחלשט, מען זאָל עס צופּן! עס האָט אַזוי באַשיימפּערלעך געבעטן, אַז מיר, תּלמידים, האָבן זיך אויך נישט געקענט איינהאַלטן, און אַלע מאָל האָט זיך אַן אַנדערער געמוזט אַראָפּלאָזן אונטערן טיש, צוכאַפּן זיך צום רבינס בערדל און אויסרייסן אַ האָר!

נו, זאָגט אַליין! קען אין אַזאַ בריאה שטעקן אַ גבורה?

אפשר מיינט איר, ער איז מיט דער צייט אַנדערש געוואָרן?

אסור חזיר! עס איז אין אים קיין שום ענדערונג נישט געשען! די איינענע קליינע, פאַרלאָשענע, מיט אייטער פאַרגאָסענע, בטלנישע, שטענ־דיק דערשראָקענע אויגן!...

אמת, פאַר דחקות איז אים דאָס ערשטע ווייב געשטאָרבן, נו וואָס איז? מאי נפקא־מינה? צופּט אים די צ ו ו י י ט ע דאָס בערדל! ווי באַלד עס בעט זיך, עס חלשט, מען זאָל עס צופּן, אַז מען קען עס נישט אָפּזאָגן! און איך אַליין, ו ו ע ן איך זע עס, קומט מיר אויך דאָס וואַסער אין מויל אַריין, אַ צופּ צו טון!

נאָר, וואָס דען איז געשען? נישט מער נאָר וואָס איך האָב אים אַ שטריימל געמאַכט!...

איך בין מודה ומתוודה, אַז נישט מיין עצה איז עס געווען! מיר וואָלט עס גאָרנישט איינגעפאַלן!

קהל האָט באַשטעלט און איך האָב געמאַכט; נאָר קוים איז דאָס איינענע קהל געוואָר געוואָרן, אַז דאָס שטריימל, וואָס זיי האָבן ביי מיר באַשטעלט, וואָס איך, אָרעמער „בערל קאָלבאַס", האָב געמאַכט, קומט צו פאָרן און איז שוין אַ וויאָרסט הינטער דער שטאָט, איז עס אַרויסגע־לאָפן, קראַנקע זענען פון די בעטן אַרויס! מען האָט אויסגעשפּאַנט די פערד און גאַנץ קהל האָט זיך אויף איינמאָל געוואָלט איינשפּאַנען און שלעפּן מיין שטריימל; גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ מחלוקת עס וואָלט דער־פון אַרויס! וואָס פאַר אַ פּעטש, וואָס פאַר אַ מסירות... ווען נישט וואָס אַ חכם האָט אַן עצה געגעבן: מען זאָל מאַכן אַ ליציטאַציע!

און לייבל מילנער האָט געגעבן ח"י מאָל ח"י זהובים, און ע ר איז געווען דאָס ערשטע פערד!

נו, שטעקט נישט אַ גבורה אין מיין שטריימל?

---

מיין אשה־צנועה רופט מיך (אחוץ בערל קאַלבאַס) נאָך בעל־תאווהניק, עזות־מחוצפניק, נבול־פּהניק, כל־בוניק, און וואָס דאָס וואָסער ברענגט איר אין מויל אריין...

עס איז אמת, אַ מענטש איז קיין חזיר נישט! איך האָב הנאה פון אַ גלייכווערטל; איך האָב אַמאָל ליב לייבל מילנער, אין די אויגן און הינטער די אויגן, אריינצוזעצן אַ שפּילקע.

אויך, — וואָס וועל איך דאָ לייקענען? — די דינסט־מיידלעך, וואָס נעמען וואַסער קעגנאיבער אין הויף באַם פּלומפּ, זענען ח"ו קיין כוהנים און דוכענען נישט, האָב איך ליב אַ קוק צו טון...

נאָר, גלייבט מיר, אַז נישט דאָס דערהאַלט מיך ביים לעבן!

מיך דערהאַלט ביים לעבן איין זאַך: איך ווייס, אַז איך לאָז איין מאָל אין יובל ארויס אַן עבודה־זרהלע אויף קהל, און דער גאַנצער עולם בוקט זיך צו איר, צו מיין „מעשי־ידי"!

איך ווייס, אַז ווען מיין אשה־צנועה וואַרפט מיר די שליסעלעך איבערן טיש, אַז דאָס האָט זי מיין שטריימל אַזוי געהייסן! מיך הערט זי ווי די קאַץ, אָבער מיין שטריימל מוז זי פאָלגן!

ווען זי קומט אַהיים ערב שבת ויום־טוב פון יאַטקע אָן פלייש, און שעלט דעם קצב — ווייס איך, אַז דער קצב איז אַ מכה שולדיק, אַז מיין שטריימל לאָזט זי היינט קיין קוגל נישט מאַכן!

איך ווייס, אַז ווען זי נעמט נאָך גאָר אַ גוטן טאָפּ און וואַרפט אים ארויס אין גאַס אריין, אַז דאָס האָט נישט זי, נאָר מיין שטריימל דעם טאָפּ ארויסגעוואָרפן! אַז ווען זי נעמט און קנייפּט אויס פון ראָשטשינע אַ שטיק טייג און וואַרפט עס אין פייער אריין, און הייבט אויף די הענט און פאַרגלאָנצט די אויגן צום באַלקן, ווייס איך גאַנץ גוט, אַז דער באַלקן הייבט דערפון גאָרנישט אָן צו וויסן, — אַז דאָס האָט גאָר מיין שטריימל דאָס שטיקל טייג פאַרברענט!

---

און דערביי ווייס איך, אַז מיין אשה־צנועה איז נישט קיין בת־יחידה אין קהל, און קהל איז נישט קיין בן־יחיד ביי גאָט; אַז קהל האָט אַ סך אַזוי נשים־צדקניות, און גאָט, ב"ה, האָט אַ סך אַזוינע קהלס, און אַז מיין שטריימל האָט איבער אַלע מיליאָנען מיליאַסן נשים צדקניות צו שאַפן!

מיליאָנען שליסל ווערן געוואָרפן, מיליאָנען ווייבער מאַכן נישט קיין קוגל, מיליאָנען טעפּ פּלאַצן אויף די שטיינער אין גאַס, און פון

דעם חלה־נעמען וואָלט איך מיך אונטערגענומען מפרנס צו זיין אַ פאָלק אביונים!

און ווער טוט דאָס אַלעס? אַלץ מעשי־ידיו! אַלץ מיין שטריימל!

---

ווייטער דער שמוקלער! אָט זיצט ער קעגנאיבער דעם פענצטער; זיין פנים גלאַנצט, גלייך מען וואָלט עס מיט שמאַלץ באַשמירט.

וואָס גלאַנצט עס? וואָס פינטלען אים די לויפנדיקע אייגעלעך? ער האָט אָנגעדרייט אַ פּאָר גאָלדענע שליפעס!

ערשטנס, ווייסן מיר וואָס גאָלד און וואָס מישורא איז! און צוויי־טנס, ווייס איך, אַז אַ פּאָר שליפעס מוזן צען מאָל מער זעלנער האָבן אונטער זיך אַלס לייבלס שאָפּנפּעלץ — סערמיעגעס און טרעגער־פּעלצ־לעך! און היינט זאָל פּרוּוון די גרעסטע גאָלדענע שליפע אַרויסגעבן אַ פּריקאַז: „צען אָקסן זאָלסטו קוילען און אַ האַלבן קאָכן!"; קרענקס זאָלסטו קייען, פּירערליי געפּעס האָבן און די מילץ עסן אויף דער לינקער זייט טעלער!"; „פון יעדן ביסן זאָלסטו וואַרפן אַ שטיק אין פייער, צי אין וואַסער אַריין!" אָדער: „יעדער חתן מוז מיר פריער ווייזן זיין כלה, און יעדע כלה איר חתן!", „מיט מיר — אַלעס, אפילו צעזעצטערהייט, אָן מיר — נישט אַ לעק".

די גרעסטע גענעראַלסקע שליפע וועט גאָר די פאַנטאַזיע, די העזה דערצו נישט האָבן! און ווען יאָ, וואָלט זי געמוזט פאַרזייען מיט נייע זעלנער די גאַנצע מדינה: ביי יעדן בעט אַנידערשטעלן כאָטש אַ פּאָר קאָ־זאַקן, איינער זאָל היטן דעם צווייטן, און ביידע — דאָס בעט!

און וויפל וואָלט דערביי נאָך גנבות געשען, וויפל קאָנטראַבאַנד! וויפל וואָלט מען אָפּגענאַרט! רבונו של עולם, ווי פאַרמאָגט מען דאָס!

און מיין שטריימל טוט דאָס אַלעס, און שטיל און פיין, אָן נאַ־הייקעס, אָן קאָזאַקן!

איך זיץ מיר גאַנץ שטיל אין שטוב און ווייס, אַז אָן מיין שטריימלס דערלויבעניש וועט זיך קיין משה צו קיין חנהלע נישט צוריהרן, קיין אויג נישט וואַרפן!

חס־ושלום!

און פאַרקערט, אַז מיין שטריימל הענגט אָן אַזאַ משהלען אָדער אַ חנהלען אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז, איז — צום טויט! קענסטו פון איר נישט אַנדערש פּטור ווערן סיידן מיטן לעבן צוזאַמען! און ווילסטו אַזוי לאַנג נישט וואַרטן, מוזטו קומען בעטן, חלשן פאַרן אייגענעם

שטריימל: שטריימעלע, ראטעווע! שטריימעלע, עפן מיר אויך די קייטן! לאָז מיך ארויס פון תפיסה!

---

אין עק גאס איז דאָ א שענק.

זינט מיין אשה־צנועה איז אַ גבאיטע געוואָרן, און גיסט מיר אויף וויינשל קיין שנאפס נישט אויף, כאַפּ איך מיך דאָרט אמאָל אריין, דאָס הארץ צו דערכאפּן! בפרט אין א תענית... על־כל־פנים בין איך דאָך נישט מחויב פאסטן; עס איז דאָך פאָרט מיין אייגן שטריימל.

דעם שענקער קען איך שוין פון לאנג... ער לעבט אויך נישט פון מצוות און מעשים־טובים... נאָר נישט אין דעם בין איך אצינד אויסן...

צוויי טעכטער האָט ער געהאט! צוויי שוועסטער פון איין טאטע־מאמע! וואָס זאָג איך, אַ צווילינג! ווי איך בין א ייד. —

עס איז דען מעגלעך געווען איינע פון דער צווייטער צו אונטער־שיידן? און א חנעוודיקער צווילינג, א ברכה צו מאכן!

פנימלעך — ווי שמחת־תורה־עפּעלעך פון אַ פּאָן אראָפּ! באַשמעקט — ווי בשמים־שטעקעלעך; אויפגעוואקסן ווי לולבן, און צוויי פּאָר אויגן, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! אז איינע ווארפט א בליק, דאכט זיך — א ברילי‌אנט האָט געבליצט, און אָרנטלעכע קינדער! אין שענק און דאָך ווייט פון שענק!

אין ארון־קודש אליין וואָלט מען זיי נישט בעסער און ערלעכער דערצויגן!

---

אין שענק געבוירן און דאָס זענען מלכות געווען! עס האָט קיין איינציקער שיכור פאר זיי קיין שלעכט וואָרט נישט גערעדט... קיין סטראזשניק, קיין אקציזניק! עס זאָל געווען דער גרעסטער מאן אריינ־קומען, וואָלט ער אויך, דאכט זיך, די העזה נישט געהאט, איינער א קניפּ צו געבן אין בעקל נישט מיט די הענט, נישט מיטן אויג, נישט אפילו אין געדאנק! איך האָב שיר־שיר נישט געזאָגט: אז אין זיי שטעקט מער גבורה ווי אין מיין שטריימל! און איך וואָלט אַ גראָבן טעות געהאט!

דאָס שטריימל, האָט זיך ארויסגעוויזן, איז שטארקער, טויזנט מאָל שטארקער פאר זיי!

---

א צווילינג! איינע אָן דער אנדערער האָט זיך נישט געוויזן. אז איינער האָט עפּעס ווי געטון, האָט די צווייטע דעם אייגענעם שמערץ גע־פילט... און דאָך — ווי געשווינד האָבן זיך זייערע וועגן צעשיידט...

דאָס אייגענע געטון, קוים עטוואָס אנדערש, און דאָך!...

ביידע האָבן זיך פלוצלינג פארענדערט: טיילמאָל זענען זיי פריי־לעכער, טיילמאָל טרויעריקער און פארטראַכטער געווען ווי פריער! — איך קען אייך נישט אויסמאָלן, וואָס מיט זיי איז געשען. די רעכטע ווערטער ליגן מיר אויף דער צונג, נאָר איך קען זיי נישט אַראָפּשאַרן... א מענטש האָט נישט געלערנט... נאָר אין זיי איז עפּעס טיפער, פעסטער און צוגלייך טרויעריקער און זיסער געוואָרן...

און מען האָט געוווסט, ווער עס איז שולדיק דערינען: מען האָט געטייט אויף די פינגער אויף צוויי משהלעך, וואָס האָבן ביידע חנהלעך נאָך שענער, נאָך בעסער, נאָך חנעוודיקער, נאָך עפּעס העכער געמאַכט!...

עס, עפּעס האָב איך אַן אנדער לשון באקומען, עס פּאַסט נישט פאַר א קירזשנער! א טרער האָט זיך מיר אין די אויגן פארדרייט: נישט פאַר מיינע יאָרן.

מיין אשה־צנועה וועט ווייטער זאָגן: בעל־תאווהניק...

איך וועל אייך שוין לאַנג נישט ברייען:

ביידע שוועסטער האָבן דאָס אייגענע געטון, כהויה דאָס אייגענע, נישט אומזיסט זענען זיי דאָך א צווילינג געווען!

ביידע האָבן משהלעך באקומען, און ביידע האָבן געמוזט אין א קורצער צייט אַרום, אַריינזעצן קלינעס אין די קליידעלעך.

שעמט אייך נישט, דער סדר־עולם איז אזוי; גאָטס ווילן איז עס, וואָס איז די בושה?

און דאָך ווי אַנדערש איז ביי יעדער געשען!

איין שוועסטער האָט געטראָגן פראַנק און פריי: פאַר גאָט אין שיל, פאַר לייט אין גאַס, פאַרן סטראַזשניק, אַקציזניק און אַלע געסט אין שענק!

די אייגענע שוועסטער האָט זיך דערנאָך אין דער ווייט פון די שיכורים, אין א שטילער שטוב, אין א וואַרעמער שטוב, אין א ווייס בעט אַריינגעלייגט:

מען האָט די פענצטער פאַרהאַנגען, די גאַס מיט שטרוי אויסגע־לייגט, עס איז א באָבע געקומען; מען האָט נאָך א דאָקטאָר געשיקט... דערנאָך איז א שמחה געווען... און ווי הייסט א שמחה!

און עס האָט אָנגעהויבן וואַקסן א ניי קליין משהלע — לתורה, לחופה ולמעשים־טובים! און, אַז זי האָט געזען ווי גוט עס איז, שיט זי שוין יאָר־ביי־יאָר קליינע משהלעך, און איז א באַלעבאָסטע עד היום הזה...

אָבער די צווייטע האָט געטראָגן בסוד־סודות, ווייען געקריגן אין א קעלער, דאָס קינד האָט אָפּגענומען א שווארצע קאַץ...

איר קליין משהלע ליגט שוין לאנג ערגעץ הינטער א צוים, מער וועט שוין קיין משהלעך ביי איר נישט זיין! און איין גאָט ווייסט, ווו זי אליין איז אהינגעקומען! — זי איז אוועק!

מען זאָגט, אַז זי דינט ערגעץ אויף דער ווייטער וועלט, אַז זי לעקט אָפּ פון פרעמדע טעלער... אנדערע זאָגן, אַז זי לעבט שוין נישט מער...

א שלעכטן סוף געהאט!

און דער גאנצער חילוק איז געווען, וואָס דאָס ערשטע איז געשען אויפן שיל־הויף, אויפן אלטן בערגל מיסט, אונטער א ברודיק שטיקל וואָלנציינג מיט באַזילבערטע אותיות... נאָר מ י ט ן שטריימל — און דאָס צווייטע איז געשען ערגעץ אין א זינגענדיקן וואלד אויף פרישן גראָז מיט פרישע בלומען, אונטער ג אָ ט ס בלויען הימל, אויסגעזייעט מיט זיינע שטערן, נאָר — אָנ׳ם שטריימל.

עס העלפן נישט קיין שמעקנדיקע בלומען, קיין זינגנדיקער וואלד, נישט קיין גאָטס הימל, נישט זיינע שטערן, נישט גאָט אליין! —

נישט אין ז י י אלע שטעקט די גבורה; אין שטריימל שטעקט זי! נישט אין פאַנאָנעס, נישט אין שליפעס, נישט אין טויזנט מאָל שע־נערע חנהלעך, נאָר אלץ אין שטריימל, אין דעם שטריימל, וואָס איך, „בערל קאָלבאס“, מאַך.

און דאָס נאָר דערהאלט מיך ביים נארישן לעבן פון קארטאָפּל.

---

# הורמוז און אחרימון

ויט דעם פּערסישן גלויבן, עקזיסטירן צוויי געטער: איינער הורמוז (להבדיל אונדזער יצר־טוב), אַ גוטער גאָט, כאָטש צו אַ וווּנד צוצולייגן. ער באַשאַפט נאָר — ליכט, באַרעמהערציקייט, פאַרשטאַנד און נאָך אַנדערע גוטע זאַכן צום מענטשלעכן געברויך.

דער צווייטער — אַחרימון (אונדזער יצר־הרע, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין!), אַ שלעכטער גאָט, וואָס האָט ליב פינצטערניש, ווי אַ מוילוואָרף אָדער פלעדער־מויז, אַן אכזר ווי אַ טאָרקוועמאַדאַ און אַ גוטער פריינט פון נאַראָנים, וואָס טאַנצן אויף הינטער־פיסלעך. מיט איין וואָרט — פאַר אַזאַ גאָט, זאָל גאָט שומר ומציל זיין.

איר פאַרשטייט אַליין, אַז ווען נישט אַחרימון, וואָלט די וועלט געווען אַ גן־עדן: מענטשן וואָלטן געלעבט ווי ברידער פון איין צווילינג, און אפילו מאַן און ווייב וואָלטן זיך קיינמאָל קיין שלעכטס נישט געווּנטשן; מענטשן וואָלטן אַרומגעלאָפן אין די גאַסן און געזוכט, נישט קיין געשעפטן, נישט קיין שווינדל צו מאַכן, נאָר טאַקע מצוות און מעשים־טובים. מען וואָלט גערופן: „ווער איז נאַקעט, וועל'מיר אים קליידן; ווער איז הונגעריק, וועל'מיר אים שפּייזן; ווער האָט דורשט — וואַסער, וויין, קאָניאַק... וואָס איינער וויל! גאַנצע פּעסער כרמל!

אויפן היידעלבערגער ביר־פאַס וואָלט געשטאַנען אויפגעשריבן „כל דכפין ייתי ויכול", פּונקט, להבדיל, ווי אין אונדזער הגדה.

און די ווייבער וואָלטן נישט געטראָגן אויף די קעפּ קיין פליגל פון עקסטראַ דערויף געשאָסענע פייגל! עס וואָלט נאָר געווען אַ פראַגע, צי מעג מען שמייסן — — אין באָד!

און פאַרקערט, — וואָלט געווען נאָר אַ יי ן אַחרימון, וואָלט די וועלט געווען אַ גיהנום, וואָס וואָלט אַרומגעשווומען ווי אַ שיף אויף אַ ים פון מענטשן־בלוט און וואָלט פאַרשפּרייט אַ ריח פון געברענט, געבראָטן און געריכערט מענטשן־פלייש אין אַלע זיבן הימלען.

און אויב די וועלט איז נ י ש ט קיין גן־עדן און נישט קיין

גיהנום, אויב פון צייט צו צייט לעשן זיך אוים די אויטאָדעפעען, עס פארשטומט דער קלאַנג פון קייטן און די האַרמאַטן ברילן נישט אָן אויפ־הער; אויב נישט אַלע וועג־ווייזער אויף די טראַקטן זענען תליות, און עס מאַכט זיך אַמאָל אַן אסיפה אין האַאג, וווּ מען רעדט וועגן שלום; און אויב עס עקזיסטירט אין איין צייט תפיסות און שפּיטעלער, חברות צער בעל־חיים און אַנטיסעמיטן, וועלט־קאָנגרעסן און שאָוויניזם; אויב די בורן שיקן איבער די ענגלענדער אַ גראַטולאַציע צום נייעם יאָר מיט אַ פּודדינג (אַ מין ענגלישער קוגל) אין אַ קאַרטעטש, איז עס דעריבער, ווייל הורמוז און אחרימון עקזיסטירן ביידע אין איין צייט, און איינער קלי־צעט דעם צווייטן דאָס וואַסער און שפּייט אים אין אין דער קאַשע אריין.

דאָס אַלץ ווייס איך, נישט אַזוי פון אַלטע פּערסישע ביכער אין פאַרשידענע איבערזעצונגען, ווי פון מיינם אַ באַקאַנטנס מויל, פון אַן אַלטן פּערסער, וואָס וווינט ווי־זאָ־ווי אין איין הויז מיט מיר; מיט וועלכן איך האָב צופעליק זיך באַקענט און מיר האַלטן זיך פון דעמאָלט אָן צו־זאַמען, ווי צוויי לאַנגנעזיקע, וואָס קענען גלייך נישט ליידן, ווי הינט בילן... און מיר פּלוידערן גאַנץ אָפט...

ווען איך טרעף מיך מיטן פּערס, באַגריסן מיר זיך גאַנץ הערצלעך.

— וואָס מאַכט אייער אַ ל ט ע ר? — פרעגט ער מיט אַ שמייכל און איך ענטפער מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן:

— דערווייל, שטיל! און הורמוז וואָס מאַכט?

— ער וועט אויספירן! — איז זיכער דער פּערס, — ער מ ו ז אויספירן! און דער אַלטער אָפּטימיסט שנייצט זיך הויך און מיט אַ זי־כערקייט די נאָז, און ווישט זיך איבער דאָס גאַנצע פּנים מיט אַ רויט פאַר־לאָרן טוך, וואָס וואָלט געגוג געווען ה ו ר מ ו ז ן פאַר אַ פאָן.

איינמאָל דאָך איז ער נישט זיכער געווען.

— ווער ווייס, — זאָגט ער, — ווער ווייס! א ח ר י מ ו ן איז כיטרע, זייער כיטרע! פיפיק, ווי עס קען נאָר זיין!... כל־זמן א ח ר י־מ ו ן האָט געפירט אַן אָפענעם קריג מיט ה ו ר מ ו ז ן, בין איך זי־כער געווען, אַז עס מוז קומען אַמאָל ה ו ר מ ו ז ע ס אייביק־לאַנגער טאָג, נאָך וועלכן עס וועט קיין נאַכט שוין מער נישט זיין! איך האָב אָבער באַמערקט — — —

— וואָס האָסטו באַמערקט?

מיר זעצן זיך אויף אַ באַנק, (עס איז זומער און אין אַ גאָרטן גע־ווען) און דער אַלטער פּערס זיפצט.

— איך האָב באַמערקט, — זאָגט ער — אַז א ח ר י מ ו ן האָט זיין טאַקטיק פאַרטוישט און איז ווירקלעך שוין געפערלעך געוואָרן... ער שווינדלט! ער פאַרשטעלט זיך! ער מאַכט זיך פאַר ה ו ר מ ו ז ן אונ־טערטעניק, האָניק גיסט זיך אים פון מויל, און נאַרט אים אָפּ פון קאָפּ ביז פיס... ה ו ר מ ו ז, דער גוטער, לאָזט זיך נאַרן...

—איז עס מעגלעך?

— הער, — מאַכט דער פערס, — איך וועל דיר א פּאָר ביישפּילן געבן פון זיין טאַקטיק:

אָט, למשל, פאַרצייטנס, אַז ה ו ר מ ו ז האָט געוואָלט דער וועלט אַ גרויס פאַרגעניגן מאַכן, אַן איבעראַשונג, און באַשאַפן אַ זעלטן־שיינע פרוי, פלעגט קומען א ח ר י מ ו ן און, להכעיס, אָנרירן זי מיט דער אומריינער האַנט ביים שטערן, ביי אַ באַק, און געגוג: — דער שיינהייט וואַקסט שוין דערפון אַרויס א האָרן, אַ קרעץ... נאָר וואָס העלפט עס אים? ה ו ר מ ו ז דערזעט עס באַלד, שיקט א שטראַל פון זיין גענאָד, דער האָרן פאַלט אַראָפּ, דער קרעץ פאַרהיילט זיך, און די שיינהייט ווערט נאָך שענער, נאָך ערהאַבענער... היינט טוט ער אַנדערש: ער טוט, גלייך ער איז צופרידן און גליקלעך מיט אַלעם, וואָס ה ו ר מ ו ז טוט!

ער כאַפּט אויף זיך אַ פראַק און אַ צילינדער, באַווייזט זיך פאַר דער פרוי און זאָגט מיט א זיסן שמייכל: מאַדאַם (אָדער פרייליין)! איך גראַטולירע אייך מיט מיין הער ה ו ר מ ו ז ע ס גענאָד! איר זייט עס ווערט... די גאַנצע שטערבלעכע וועלט דאַרף קניען פאַר אייער אומשטערב־לעכער שיינקייט!

און שוין! פון דער שיינהייט ווערט אַ קאָקעטע, אַ קאַלטע האַרץ־פרעסערן...

ה ו ר מ ו ז, למשל, כאַפּט זיך אַמאָל אויף און דערזעט, ווי אַן אָרעמאַן אַרבעט שווער און האָט קיין פרנסה נישט. א גוט האַרץ האָט ער, געלט אין אוצר פעלט נישט, כאַפּט ער עטלעכע קאָפּיקעס אין אַ זעקל און וואַרפט אַראָפּ דעם אָרעמאַן...

פריער זלעגט א ח ר י מ ו ן שיקן גזלנים אָדער גנבים, אָדער אַ שריפה, אַוועקצונעמען דעם גוטן גאָטס מתנה ביים אָרעמאַן. עס האָט אָבער נישט געווירקט: ה ו ר מ ו ז הייבט אָן געבן און געבן, און וויל ער, שטעלט ער גאָר דאָס מזל ביים אָרעמאַנס טיר, און דער ווערט רייך און גליקלעך!

היינט טוט א ח ר י מ ו ן אַנדערש.

ה ו ר מ ו ז האָט געגעבן אַן אָרעמאַן עטלעכע קאָפּיקעס, זייער גוט! ער קריגט זיך נישט מיטן עלטערן ברודער! פאַרקערט, ער לערנט זיך גאָר אָפּ פון אים, ער וויל אויך אַ גוטער ווערן! און ער וואַרפט צו דעם אָרעמאַן נאָך אַ פּעקל — און סאַמע גאָלדענע רענדלעך!

פון אָרעמאַן ווערט אַ גביר, דער זאַק מיט גאָלד וואַקסט, און, וואָס מער ער וואַקסט, מער מאַגנעט ווערט ער, מער ציט ער צו זיך צו! און דער געמאַכטער גביר צווישן סאַמע אָרעמעלייט ק ע ן נישט זיין גליקלעך! ער קען אפילו נישט רואיק שלאָפן... די אָרעמעלייט אַרום שלאָפן א ו ו ד א י נ י ש ט!...

ה ו ר מ ו ז וויל עמעצן געבן אַ גוטע זאַך, למשל — גבורה, אַ האַרץ פון אַ לייב! — אַזוינער קומט צו נוץ יעדן פאָלק, יעדער צייט! —

פאַרצייטנס פלעגט א ח ר י מ ו ן וועלן אַזוינעם אומברענגען, קוילען — פלעגט ער אים אָנשיקן גאַנצע מחנות מיט רוחות און שדים, זיי זאָלן אים כאַפּן און עס זאָל פון אים קיין זכר נישט בלייבן. נאָר ה ו ר מ ו ז פלעגט נישט לאָזן: קעגן די מחנות פון שדים און רוחות שיקט ער מחנות מלאכים, זיי פאַריאָגן די שדים מיט די רוחות צוריק אין גיהנום אריין און דער העלד בלייבט העלד...

היינט פירט זיך א ח ר י מ ו ן אַנדערש —

ה ו ר מ ו ז גיט גבורה, אחרימון דערלייגט נאָך אַביסל און פון אונזער באַשענקטן פון הורמוז ווערט אַן אוואַנטורניק, אַ פּרא־אדם, ווייל עס שפּאַרט אין אים די קראַפט, דער איבערשפּאַנטער כוח, און אויפן אָרט פון נוצן, ברענגט עס דעם גרעסטן שאָדן!...

די זון גייט אונטער און דאָס איז די העכסטע צייט אהיים צו גיין פאַרן פּערס. ער געזעגנט זיך:

—נאָך דאָס — זאָגט ער, אויפשטייענדיק, — וויל איך דיר זאָגן: אַ מענטש דאַרף עסן, הנאה האָבן פון עסן, באַשאַפט אים ה ו ר מ ו ז אַ דאַרם — אַ קישקע; מען דאַרף זי נייטיק האָבן, אָן איר איז נישט צו לעבן! וואָס טוט א ח ר י מ ו ן? ער וועט דאָך ביי אַ מענטש די קיש־קע נישט אויסשניידן — גיט ער צו אַ ב ל י נ ד ע ק י ש ק ע, נאָך אַ שטיקל! און דאָס שטיקל איז שוין אַ געפערלעכע זאַך, דערפון קרענקט מען שוין!

. . . . . . . . . . . . . . . .

דער פּערס איז אוועקגעגאַנגען, און איך האָב געקלערט: צי איז ער נישט גערעכט?

ה ו ר מ ו ז, אָדער דער יצר־טוב, גיט אונז אַ געפיל צו ליבן אונ־דזערע נאָנטע, אונזער פאָלק, אונדזער אָרעם פאָלק, פאַר וועלכן מיר ווילן ארבעטן און אָפּפערן זיך; וואָס טוט א ח ר י מ ו ן אָדער דער יצר־הרע? ער דערלאַנגט נאָך אַביסל געפיל, עס ווערט פון נאַציאָנאַליזם — שאָוויניזם, פון רייכן געפיל — אַן עקלהאַפטער שאַרלאַטאַנען־פאַנאַטיזם, וואָס וואַרעמט נישט און לייכט נישט, נאָר ברענט אין דער פינצטער און קען אונדז אַליין פארברענען!...

אַן אָרעם־פאַרוואָגלטער נע־ונדניק זוכט זיך אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַ רואיק שטיקל אָרט, ווו זיך אַנידערצולייגן, ווו די ביינער אויסצורוען, אום אויפצושטיין מיט אַ ל ע ג ל י י ך, צו דער נ י י ע ר אַר־בעט, — אַלע פאַר אַלע!... דעם געדאַנק האָט אים איינגעפּלעסט ה ו ר־מ ו ז... וואָס טוט אַ ח ר י מ ו ן? ער מאַכט פון דאַך, פון רו־בעט, אַן אייביקן, הויכן צוועק, אַן א י ד ע א ל און מיר...

מיר האָבן זיך צוריקגערוקט אויף אַ הונדערט און צוואַנציק יאָר! און עס איז ווירקלעך אַ שאָד די צייט!

---

# דער וויכוח


ין קראשינסקיס גאָרטן. צוויי יונגעלייט.ביידע רעדן יידיש. נאָר איינער ליטוויש — דער צווייטער פּויליש־יידיש. דער ערשטער פרעגט, דער צווייטער ענטפערט.

— נו, איר זייט נאָך אַלץ נישט קיין ציוניסט?

— ניין.

— אַנטי?

— חלילה, פאַר וואָס אַנטי? מורא האָבן פאַר דער „גאַזעטאַ פּאָלסקאַ"?

— וואָס דען?

— איך וויים צו ווייניק!

— דהיינו?

— אָט... איך פלעג אַמאָל ערנסט דאַווענען... און דאָס דאַווענען איז — ירושלים און ירושלים! ארץ־ישראל און ארץ־ישראל!

וויים איך אָבער נישט, צי האָט מען ירושלים און ארץ־ישראל דע־ריבער נישט פארגעסן, ווייל מען דאַוונט אַזוי פיל; צי מען האָט נאָר דע־ריבער נישט אויפגעהערט צו דאַווענען — ווייל מען קען אָן ירושלים און ארץ־ישראל נישט פארגעסן?

אין חדר פלעג איך לערנען. „ארץ זבת חלב ודבש" — א לאַנד — האָט מיר דער מלמד געטייטשט — וואָס פליסט מיט האָניק און מיט מילך — האָניק און מילך האָט א קינד ליב דאָס לעבן! וויים איך? אפשר האָב איך מיך דעריבער דערפרייט, אַז איך האָב געהערט פון חבת־ציון?

איך געדענק מיך גאַנץ גוט יינגלוויין... די שפּעטערע צייטן באַמי איך מיך צו פארגעסן... קיין גרויסע האָפענונגען אויף שפּעטער האָט מען אויך נישט... און, אַז עס ווערט נישט גוט אויפן הארץ, אַנטלויפט די

נשמה צו די קינדער־יאָרן, ווי אַ טויב אין טויבנשלאַג אַריין... איך ווייס נישט, אויב אַלע טוען אַזוי, איך טו עס, און עס העלפט אַמאָל און פאַר־טרייבט די מרה־שחורה... געדענק איך, ווי אַלע מיינע חברים פלעגן מיט שמחה וששון נאָכלויפן דער פּאָלקאָוואָי מוזיק. בכלל דעם מיליטער. אין וואַרשע זעט מען עס זעלטענער, איז עס מער אינטערעסאַנט — קינדער לויפן... מען קען זיך נישט זאַט אָנקוקן, ווי עס בליצט דורך די „שטיקעס״ פון די ביקסן; זאַט אָנהערן די שטאַרקע, פעסטע מעשענע קולות, וואָס גיי־ען ווי איינעמען אַ וועלט. איך איינער, געדענק איך, פלעג מיך נישט פרייען. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ווען עמעץ באַפאַלט מיך, מיין טאַטע־מאַמע, מיינע ברידער און שוועסטער, וועט דאָס חייל נישט זען, נישט הערן, און ווייטער מאַרשירן, און ווייטער שפּילן, און ווייטער גיין איינעמען די וועלט... און דערביי פלעגן מיר זיך צו באַווייזן טרערן אין די אויגן... פּשוט פאַר קנאה: ווו איז מיין מיליטער, מיין מוזיק? אַז יענער האָט...

איך פלעג, מיט פאַרמאַכטע אויגן און אַ צערודערטער נשמה, אויס־הערן מעשׂות פון משיחס צייטן. דער „רבי״ אין חדר פלעגט דערציילן, די באָבע אין דער היים, צי אין בית־המדרש — עלטערע יינגלעך. ווי ליב האָב איך געהאַט דעם „מלך המשיח״! מיט אַלעם גוטן און טייערן האָב איך אים באַקליידט און באַהאָנגען! ביי אַ רייכער מומען (זי איז שוין אויפן עולם־האמת) האָב איך אָפּגעריסן די פּערל פון האַלדז. ביים גענע־ראַל, וואָס האָט געוווינט קעגנאיבער — די ווייסע פעדערן פון איבערן קאַסקע... ביים כהן־גדול — דעם חושן ואפוד צוגענומען! איך ווייס? נאַ־קעט און באָרוועס וואָלט איך אַ וועלט געלאָזט! אָבער נישט שטענדיק. טייל מאָל האָט מיך מער גענומען משיח בן יוסף, וואָס דאַרף אומקומען, גע־הרגעט ווערן... און איך האָב אויפגעהויבן די אויגן צום הימל: פאַרוואָס? פאַר ווען? און נאָך וואָס זאָל איינפאַלן די אייזערנע בריק? און איך פלעג טראַכטן: ביי יציאת מצרים האָט ער די מלאכים נישט געלאָזט זינ־גען: מעשׂי ידי — זאָגט ער — טובעים בים... און לעתיד לבא... אַזוי אָן רחמנות? וואָס זענען זיי ערגער פאַר די מצריים?

— קינדער געדאַנקען!

— ערלעכער ווי מענטשן־געדאַנקען. און אמתער אויך! דאָס זענען די גאָלדענע פעדעם, פון וועלכע עס שטיקט זיך ערשט אויס אַ נשמה פון אַ מענטש, אַ פרישע ריינע נשמה...

נאָך געדענק איך: אין דער מערת המכפלה, געקויפט ביי די בני חת, וואָס האָבן מיט גוטע ריידעלעך אויסגעשווינדלט ארבע מאות שקל

כסף... אין דער מערת המכפלה זיצט אברהם אבינו, אָנגעלענט מיטן קאָפּ אויף דער מוטער שרהס שויס... די ה ג ד ה דערציילט אזוי... און איך זע בחוש, ווי די מוטער שרה, מיט א קעפּל ווי ביי׳ן א ציטער־נאָדל, זיצט און פירט מיט לאַנגע, נאָר דינע און דורכזיכטיקע פינגער, צווישן אברהם אבינוס זילבערנע לאָקן... אזוי זיצן זיי און ביידע האָבן פארמאַכטע אויגן, און עפענען די אויגן וועלן זיי ערשט ביים שופר של משיח, ווען די טערקישע וואַרטע וועט פארשטיינערט ווערן פאר שרעק...

און עס פלעגט מיך ציען צו דער מערת המכפלה... צום זיידן, צו דער באָבען...

נאָר אויך נישט שטענדיק!

טיילמאָל פלעגט מיך וואונדערן: פאַרוואָס טראָגט עס אברהם אבינו האָר א חוץ באָרד און פאות?

טיילמאָל פלעג איך גאָר זיין פון הגרס צד, און וועלן דער מוטער שרהן אָפּטון א שפּיצל! און איך פאַנטאַזיר הויך צווישן די חברים: איך וועל מיך אויסלערנען טערקיש, אנטלויפן קיין ארץ ישראל, שטעלן מיך דאָרט פאר א זעלנער, און אז עס וועט מיר אָנקומען צו שטיין אויף דער וואַך פאר דער מערת המכפלה, וועל איך ביינאַכט, אז קיינער וועט נישט זען, שטילערהייט אוועקשטעלן דעם ביקס, אריינכאַפּן זיך אין דער הייל, אויף די נעגל צוגיין און געבן דער מוטער שרה אין נעזל אריין — —

נאָר ארויסזאָגן: „א שנעל״, האָב איך די העזה נישט געהאַט.

— בעסער א שמעק טאַבאַק! האָט דאָך עמעץ אונטערגעכאַפּט...

— קונדסים!

— גוטע צייטן געווען!... און וואָס נאָך האָב איך געוווּסט פון ארץ־ישראל?

צו כותל מערבי, האָב איך געהערט, קומט מען צוזאַמען מארבע פּנות העולם וויינען, די וואַנט איז גליטשיק פון טרערן...

און איך האָב געגלוסט צו דער כותל־מערבי... דאָרט א תשעה־באב! צווישן אַן עולם מארבע פּנות העולם וואַרפן בערעלעך!

טיילמאָל איז מיר בעסער געפעלן די אילומינאַציע אויף ר׳ שמעון בן יוחאים קבר! ווייבער וואַרפן פון די אקסל אראָפּ די טייערסטע פאַר־שידנפארביקע טערקישע שאַלן, טונקען איין אין פעסער שמן־זית און צינדן אָן! — — א חוץ אזוי הבדלות. ליכט און קאָלירטע פאַפּירענע לאַמ־טערן! א!

נאָך. ביי אונדז אויפן הויף — מיר האָבן דעמאָלט אויף דער פראַנ־ציסקאַנער גאַס געוווינט — האָט געוווינט אויך אַ שוחט, אברהם מאַניס האָט ער געהייסן, אַ שם־דבר איז ער געווען דער אברהם מאַניס. ווען ער פלעגט מיך טרעפן, פלעגט ער מיך קניפּן אין בעקל; איך בין אַ שטיקל עילוי געווען און ער — אַן אַלטער מתמיד! דער נאָמען אברהם מאַניס, געדענק איך. נאָר פאָרשטעלן קען איך מיר אים שוין נישט. פאַרמאַך איך די אויגן, זע איך נישט מער, ווי אַ ווייסע, לאַנגע, זייער לאַנגע באָרד; זי איז געווען די לענגסטע אויף דער פראַנציסקאַנער גאַס, די לענגסטע אין גרויסן מנין. טיילמאָל זע איך נאָך אַ רויטן האַלדז־און־נאַקן פון הינטן, מיט אַ שטיק באַוואַקסן האַרץ פון פאָרנט — ער איינער פלעגט נאָך טראָגן אַן אָפּן העמד מיט נאָכגעלאָזטע בענדלעך... מער זע איך שוין נישט... אָט דער אברהם מאַניס איז מיט דער צייט שוואַך געוואָרן אויף די אויגן, אוועקגעלייגט דעם חלף און געקליבן זיך קיין ארץ ישראל —

אין מנין איז געווען אַ רעש. לומדים האָבן געקלערט, צי מעג מען אויסמיידן משיחן, מען האָט אויפגעמישט הונדערטער גמרות און ספרים, אַהין און אַהער, — מען האָט זיך צעשוויצט, צעאַמפּערט... נאָר אַזוינע וויכוחים פלעגן זיין וועגן אַן על חטא ביום כפור שחל להיות בשבת, און פלעגן אַזוי לאַנג דויערן, ביז אַן אַלטער מנין־ייד האָט זיך אויפגעשטעלט און פאַרן עולם עדות געזאָגט, ווי אַזוי מען האָט זיך נוהג געווען פאַר יאָרן! און אַזוי איז געבליבן דאָ אויך! דער מינהג איז, אַז ווער עס וויל פאַר־שפּאָרן גילגול מחילות, פאָרט קיין ארץ־ישראל...

צווישן אונדז ייִנגלעך איז אויך געווען אַן אַנדער מין וויכוח... מען האָט זיך אָנגעשמעקט מיט השכלה... איינער פון מיינע חברים האָט גע־לאַכט: „ווי מען מעג ווערן יעדנעראָל דאָרט אין ארץ־ישראל" — יאָ! אים פלעגט זיך שטענדיק חלומען אַ ריטפּערד מיט עפּאָלעטן!

און אין דער היים ביים וואַרעמעס האָט מען געקלערט: ווי אַזוי וועט אברהם מאַניס, דער אַלטער בטלן, מיט די האַלב בלינדע אויגן, טרעפן קיין ארץ ישראל? די מאַמע פרעגט: ווי אַזוי פאָרט מען קיין ארץ ישראל... דער טאַטע זאָגט: מן־הסתם איבער קאָנסטאַנטינאָפּאָל... און וווּ ליגט קאָנסטאַנטינאָפּאָל? ווייט, ווייט! און מען האָט געפונען אַ מאָדנע געאָגראַפיע איבער טאָל און בערג, נאָר די אַלטע מירל האָט זי איבערגע־ריסן. די אַלטע מירל איז געווען אונדזער דינסט און האָט געזאָגט, אַריינ־ברענגענדיק דאָס ציבעלע פלייש, אַז אויפן הויף זאָגט מען אויף זיכער, אַז „ראָני" די אברהם־מאַניסעכע פאָרט מיט... „ראָני" וועט טרעפן,

זאָגט די מאַמע. אַלע זענען מודה, אַז „ראַני" וועט אויפֿן פֿייער נישט פֿאַרברענט ווערן!

דעם נאָמען „ראַני" געדענק איך דורך אברהם־מאַניסעס אַ גלייך ווערטל. אַז ער פֿלעגט פֿון שחט־הויז אהיימקומען שפּעט, פֿלעגט ער אָנ־קלאַפּן: קומי רוני בלילה!

און ליב האָט זיך דאָס אַלטע פּאָר פֿאַלק געהאַט. נאָך ווי ליב!

אברהם מאַניס איז אונדזער בעל־תקיעה געוועזן — —

און דאָס אָנטון פֿלעגן זיי, אַ פּנים, האַלטן אויף איין בענקל... און איינמאָל ראש־השנה איז אברהם מאַניס געקומען צו די תקיעות אין ראַנים אַ העמד במקום אַ קיטל! און האָט נאָך געשמייכלט: „נישט־קשה אַזאַ טעות, ראַני איז אַ צדיקת!" נאָר פֿאָרשטעלן ראַנין קען איך מיר אויך נישט; איך געדענק נאָר: אַ קליינע, אַ פֿריילעכע, אַ דורכזיכטיק פּאַפּירן נעזל מיט אַ קול פֿון אַ פֿייגעלע. נאָר „ראַני איז אַ לייט, מיט איר וועט ער זיך שוין דורכשלאָגן!"

קעגן וואָס דערצייל איך עס?

יאָ... ראַני איז צוריקגעקומען פֿון קאָנסטאַנטינאָפּאָל...

זי איז קראַנק געוואָרן פֿאַר בענקעניש און פּלוצים פּחד באַקומען פֿאַרן ים.. אברהם מאַניס איז ווייטער געפֿאָרן...

ראַני האָט אים פֿאַרלאָזט!

אַז זי האָט צוריקוועגס דערזען די ווייסל, האָט זי געוויינט פֿאַר פֿרייד! אין גאַס האָט זי ממש געטאַנצט — דערנאָך איז זי געלאָפֿן אויפֿן בית־עולם אַרויס און געפּאַטשט אין די הענטלעך: מיינע ליבע קברים, מיינע טייערע קברים!... און עליה השלום, דער באַבען מיינע, האָט זי מיט גרויס נחת און מיט טרערן אין די אויגן דערציילט, אַז, געלויבט איז זיין ליבער נאָמען. וואָס זי האָט זוכה געווען מיט אירע אייגענע הענט אָנצורירן די שיף, וואָס איז אַוועקגעשוווּמען גלייך קיין ארץ ישראל...

זי האָט אָנגערירט די וואַנט פֿון שיף און די האַנט געקושט, ווי ביי אַ מזוזה!

— ווייבערישע זאַכן!

— ניין, דו ביסט צו טרוקן, דו פֿאַרשטייסט עס נישט, אַ ווייבערי־שע צי אַ מענישע, נאָר אַ האַלבע נשמה דאָ, אַ האַלבע דאָרטן...

— מען רעדט דאָך אָבער נישט פֿון אַלטע יידן און יידענעס, וואָס אַנטלויפֿן פֿאַר גילגול מהילות... נישט פֿון שטאַרבן, פֿון לעבן רעדט מען!

— איך ווייס? דאָס איז געווען גירסא דינקותא... חדר־זאַכן... און היינט וואָס ווייס איך? וואָס גיבן מיר די „בלעטער"?

איך לעז, וואָס עס לאָזט זיך לעזן... איך אליין אויף פּאָליטיק פאַר־שטיי מיך נישט... נאָר אַזוי, וואָס הערט זיך דאָרט?

איינער זאָגט: יק"א און ראָטשילד הרגנען די קאָלאָניעס מיט זייערע שווערע פליגל, וואָס זיי האָבן איבער זיי פאַרשפּרייט... דאָס אַפּוטרופּסות איז סם המוות! עס וואָלט שוין לאַנג דאָרט פּתום ורעמסס— טפו! ווי דאָס גלות האָט זיך איינגעגעסן, איך מיין „איש תחת גפנו" געווען, און ווי ווייטער שטייט... קומט א צווייטער און זאָגט: ניין, דער חסרון איז, וואָס מען וויל איבער נאַכט מאַכן פון א סוחר א פּויער... אומגעלערנט מאַכן... אַן אַגראָנאָם־שולע דאַרף מען. עפּנט אַן אַגראָנאָם־שולע וועט זיין ששון ושמחה... קומט דערנאָך א דריטער, א כתוב השלישי און זאָגט: וואָס ווילט איר? פויגל־מילך? עס גייט על צד היותר טוב! א מחיה! און באותו הרגע, ווי איך לייען עס, קומט אריין אַן אָרעמאַן... ווער ביסטו? א גע־וועזענער קאָלאָניסט אין ארץ ישראל...

ער האָט דעם „חלב ודבש", א פּנים, נישט פאַרדייעט!

זיי שווייגן א ווייַלע, און דער ליטוויש־רעדער זאָגט:

— עס האָט זיך געמאַכט א נייע חברה צו שטודירן, אויסצופאָרשן ארץ ישראל...

— באָ! וואָלט געווען אַן עסק... קלאָרע דיבורים!...

דען נאָך אַמאָל דאָס זעלבע: אויף פּאָליטיק פאַרשטיי איך מיך נישט... אדיע:

— אדיע!

---

# שמאי ראטמאן



יר קענט ש מ א י ר א ט מ א ן? געווים!
נעבכטן, שטעלט אייך פאָר, טרעף איך אים אין גאס.
— ש מ א י! רוף איך, ער הערט נישט. איך מאך מיט דער האנט, ער זעט נישט! ווי א גולם שטייט ער. מיט אָפענע, שטארע אויגן; איך כאפ אים אָן ביים אקסל:
— גאָט איז מיט דיר, ש מ א י!
ער כאפט זיך אויף, ווי פון שלאף.
— א נייע אידייע! שמייכלט ער.
א וואונדערלעכע זאך די נייע אידייען! ווי דאָס ווערט געבוירן!
א מענטש, ווי אלע מענטשן: א פאריאָגטער, וואָס דארף, און גאנץ אָפט, אלערליי געלטער — פרנסה־געלט, דירה־געלט, מלמד און לערער־געלט, חוץ אנדערע געלטער, — אזא מענטש פאלט פלוצים אוועק אינ־מיטן גאס — א גולם! אן אָפן מויל, אָפענע אויערן — און ער הערט נישט, ער זעט נישט און פילט נישט!
וואָס איז? עפּעס אין מוח, אין א פינצטער באהאלטן ווינקעלע, שפינט זיך און וועבט זיך א נייע אידייע.
און זי וועבט זיך און שפינט זיך אָן זיין ווילן, אָן זיין וויסן, און, מערסטנטיילס, נישט פאר זיין טובה וועגן...
איך קען א סך, א סך מענטשן, וואָס אידייען האָבן זיי איבער־געפירט...
ר א ו ב ן האָט געקלערט און געקלערט ביז ער איז געפאלן אויף א נייער המצאה, און איז אריין מיט אייגן און פרעמד־געלט...
ש מ ע ו ן האָט זיך איינמאָל פארטראכט — פארטראכטערהייט האָט ער זיך עפּעס ארויסגעכאפּט, און פון דעמאָלט אָן, יאָגט מען אים און מען פלאָגט אים פון אלע זייטן, מען ווארפט אים נאָך שטיינער אין גאס...
ל ו י איז גאָר אראפּ פון זינען, און ווען נישט דאָס ווייב זיינס, וואָס

לאָזט פון אים קיין אויג נישט אראָפּ, וואָלט ער שוין לאנג געהאָנגען ער־געץ אויף א בוידעם.

יהודה, כאָטש קיינער טשעפּעט אים נישט, לויפט, צייט ער איז געפאלן אויף עפּעס א ווונדערלעכע אידייע, ארום ווי משוגע אין די גאַסן, און שרייט „געוואַלט”!...

און זבולן, דעם מוזט איר אויך קענען, זייט ער איז אויפן קאָפּ געפאלן, געפעלט אים נישט דאָס ווייב, קען ער נישט זיינע אייגענע קינדער, עסט ער נישט און טרינקט נישט, און גייט קריעה־בליעה — און וואָס וויל ער? גייט פרעגט אים!

און פונדעסטוועגן, האָב איך א שרעקלעכן חשק צו נייע אידייען! ווער ווייסט? צווישן איבערגעדראָשען שטרוי קען זיך דאָך אמאָל געפינען א קערנדל ווייץ, און צווישן מיליאַרדן נייע אידייען, קען זיך נאָך געפי־נען איין אמתע אידייע.

און געפינט זי זיך, ווער קען איבערעכענען דעם שאָדן, אָדער דאָס גוטס, וואָס א נייע אידייע קען ברענגען מיט זיך?

עס קען זיין א בליץ, וואָס וועט אויף אָרט און שטעל פארשווינדן... עטלעכע שאָק בלינדע הינער וועלן גאָרנישט וויסן פון אים און לייקענען שטיין און ביין, און עס קען זיין א דונער! און א דונער איז שוין נישט קיין קלייניקייט; ער קען אריינשלאָגן אין זאַמד פון סטעפּ און אויסדרייען נאָר א גלעזערן רערל, אריין אין ים און אויסגיין ווי א ליכט; ער קען אָבער אויך אריינשלאָגן אין א הויז, און אָנמאַכן — גאָט ווייס וואָס פאר א שרפה... איידער עס קומט די פאָזשאַרנע קאָמאַנדע, קאָן פון א שטאָט נישט בלייבן א שטיין אויף א שטיין...

גאָט מיין איינציקער! א נייע אידייע קען דאָך נאָר ענטפערן אויף די אלע ביטערע פראַגן, וואָס פרעסן אונדז אויס דעם מוח פון די קעפּ; אויף די אלע רעטעענישן, וואָס דרייען אונדז, ווי די עגבער, אין די געהירן — ווער ווייס!

און דער, דער שטייט פאר מיר און שמייכלט: א נייע אידייע!
איך כאַפּ אים אָן ביי א לאַץ:
— זאָג!
— דאָ, אינמיטן גאַס?
איך דאַנק גאָט, וואָס מיר זענען נישט ווייט פון א קאָנדיטאָריי...

---

נאָך עטלעכע שלוק טיי, ווייס איך שוין אין וואָס עס גייט.

די וועלט וועט זיך נישט איבערקערן, אויך וועט זי נישט פארברענט ווערן, עס וועט אפילו קיין שטורעם־ווינט נישט זיין, וואָס זאָל דעם שטויב פון די גאסן יאָגן אין די אויגן אריין...

שמאי ראטמאן וויל נאָר מאכן א נייע חברה!

אייגנטלעך — אויך גוט!

פארשרייב מיך!

— שוין!? וואונדערט ער זיך, דו ווייסט נאָך נישט וועגן וואָס עס גייט!

— אַלץ איינס! זאָג איך — מיר דארפן נייע חברות; שלעכטע, גוטע, נאַרישע, קלוגע, אַבי חברות, אַבי עס זאָל נישט זיין טויט, זאָל זיך רור־דערן... און אַצינד זאָג וואָס דו ווילסט!

— איך וויל, — זאָגט ער, גרינדן א חברה דענקער!

—דענקער?

— יאָ, איינפאַך, דענקער...

— נאָכוואָס?

— הער... נאָר, איך מוז האָבן א גאַנצע פאָרעדע.

— נאָך בעסער! פאָרעדן האָב איך ליב ווי דאָס לעבן, ווייניקסטנס מער אַלס די ביכער... די פאָרעדע איז זעלטענער געננומען...

— דו מאכסט חוזק, באַליידיקט זיך ראטמאן.

— און דו האָסט מורא פאר לצנות? דו, א מענטש פון נייע אידייען? דו דארפסט דאָך זיין גרייט אויף שטיינער, אויף פויסטן, אויף פייער און וואסער...

— דאָס אַלץ — ענטפערט ראטמאן, שאַדט נישט! דאָס זענען, געוויינלעך, נאָר די הייוון, אויף וועלכע אידייען וואקסן! נאָר חוזק מאכן, דאָס שטעכן מיט נאָדלען, דאָס קען א מענטש, כאָטש ער איז גרייט צו אויטאָ־דע־פעען, איבערשרעקן...

— איז נישט, נו! איך שווייג שוין, דערצייל!

און ראטמאן דערציילט.

---

באַמערקט האָט ער, ראטמאן, אז אַלץ האָבן מיר ליב, נאָר נישט צו קלערן.

— ווי הייסט?

— גאַנץ איינפאַך, מיר זענען פויל, שרעקלעך פויל! אזוי צו ליגן אויף דעם פרישן גראָז און יאָגן די וואָלקן אין הימל...

אָדער, — האָב איך אים איבער, — זיצן און עסן און טרינקען.

—עט! מאַכט ראַטמאַן, עסן און טרינקען האָט מען וואָס אַמאָל ווייניקער, מען איז יוצא מיט אַ „יהי רצון”, — גלייך מען וואָלט געגעסן, גלייך מען וואָלט געטרונקען, נאָר וואָלקן אין הימל פעלן נישט, און אַלע מעגן קוקן.

ליגן מיר טאָקע און קוקן... טייל שטודירן מכלומרשט אַסטראָנאָמיע און ציילן די שטערן: איינס, צוויי, דריי... ווי ווייט איינער קען!

מאַכט זיך אַ שטורעם, שפּרינגען מיר אויף די פיס, — דעמאָלט זענען מיר גרייט — צו אַנטלויפן!...

וווּ אַהין?

וווּ דו ווילסט! רעכטס, לינקס, ווייטער אָדער צוריק, נאָר עמעצער זאָל זיין דער וועג־ווייזער, דער ערשטער לויפער, דער טריק (באָק)!

מיר קענען גיין, מיר קענען, אַפילו מיט די געשוואָלענע פיס, לויפן, אַלצאיינס וווּהין, נאָר צוויי זאַכן: ערשטנס זאָל זיין אַ טריק, און צווייטנס זאָל ער זיך נישט אָפּשטעלן און נישט פרעגן אונדז אַליין: וווּ אַהין? קלערן האָבן מיר פיינט, טראַכט איז סם!

אין יעדן אומגליק, אין יעדער שלעכטער צייט, קוקן מיר זיך אום, צי וועט זיך באַווייזן אַ זייל, פון פייער צי פון וואָלקן, נאָר אַ זייל, וואָס זאָל זיך פאַר אונדז רוקן און ווייזן דעם וועג.

קומט אַ משה, לאָזן מיר שטיין די טעפּ מיט פלייש, מיט די ציבעלעס אין מצרים און גייען אים נאָך אין מדבר אַריין; אינמיטן וועג ווילן מיר מאַכן אַן אַנדערן ראש און — צוריק קיין גשן!

משה פאַרזוימט זיך אויפן באַרג סיני, אונדזערע ווייבער האָבן צי־רונג, — אַהער! וועט זיין אַ גאָלדן קאַלב!

אַ שלוק טיי און ראַטמאַן רעדט ווייטער:

---

מען זאָגט, אַז צייטן בייטן זיך, נישט וואָר! דער אייגענער האָס צום קלערן, צום טראַכטן, צום מיישב זיין, מיר זענען פויל ווי מיר זענען אַמאָל געווען.

מיר האָבן ליב דעם שקר, נישט נאָר דערפאַר, ווייל ער איז אויסגע־קעמט, אויסגעפּוצט און שמעקט פון פּערפומעס, נאָר ווייל ער איז זיכער, און זאָגט אַלץ אויף זיכער, גלייך ער וואָלט דערביי געווען. אַ מזבח פאַר גאָט? — ווייל, קוילן מיר קעלבער! פאַרן מולך — נאָך בעסער! קינדער

צום פארברענען פעלן נישט, — נאָר זאָגט בפירוש, וואָס איר ווילט, קלערט נישט און הייסט נישט קלערן!

אמת וואָלטן מיר אויך אויסגעהאַלטן, נאַטירלעך זאָל ער פריער זיך אָפּשניידן די נעגל און נישט אויסדראַפּען, רעדנדיק, די אויגן; זאָל ער נישט ארומגיין נאַקעט און באָרוועס אין די גאַסן, חברן זיך מיט שניידער־ און שוסטער יונגען... נאָך עפּעס: אין וואָס ווייגען מיר? אין שטרויענע, הילצערנע און ווען אפילו שטיינערנע, נאָר אין אלטע אויסגעטריקנטע הייזער — זאָל ער נישט ארומגיין מיטן פלאַקער פייער אין דער בלויזער האַנט... א קליין ליכטל אין א גרויסן לאַמטערן איז זיכערער... קאָלירטע גלעזער — שענער און בעסער! נישט דער אמת איז געפערלעך! צי די ערד דרייט זיך ארום דער זון צי פאַרקערט, איז דעם רב מיט דער רביצין אלץ איינס, נאָר ווי מען האָט געזאָגט, אַזוי זאָל זיין! נאָך וואָס גאָר קלערן אנדערש!

די פראַגן, די רעטענישן דאָס קאָפּ־ברעכן דאָס האָט רב און קהל פיינט...

— וואָס האָסטו זיך געכאַפּט אָן רב און קהל?

— און ווער איז בעסער? יעדער מענטש, אפילו דער שענצטער און דער בעסטער, לאָזט זיך איבער א שטיק אָרט אין מוח, א שטיק „קדשי־קדשים"; אהין לאָזט ער קיינעם און זיך אליין נישט צו, דאָרט טאָר מען נישט אַקערן, נישט זייען, נישט רירן דעם אלטן ווילדן דאָרן, וואָס צע־וואַקסט זיך, ווי אויף הייוון...

שלעכטע צייטן... ווייבער עמאַנציפּירן זיך, און ווילן די אויריננ־לעך אויף גאָלדענע קעלבער נישט געבן: די נביאים זענען איינס ביי איינס געשטאָרבן, — דעם פּראָפעסאָר פאַלק געראָט איינמאָל אויף הונדערט מאָל; מלאכים באַווייזן זיך נישט; זייט די בארשט האָט ארויסגעיאָגט פון שטוב דעם בעזים, האָבן די כישוף־מאַכערנס נישט אויף וואָס צו רייטן. גורל־וואַרפן איז אויס מאָדע, עס פאַסט פאַר א יונגן באַקפיש צו רייסן בלעטלעך פון בעז: יאָ ליב, נישט ליב! אָדער פאַר א שילער, ער זאָל דאָס זעלבע טון אויף די קנעפּ פון מונדיר, נאָר דאָס זענען ליבע־זאַכן און פאַר יונגע לייט... עלטערע מענטשן, און למשל, ביי געזעלשאַפטס פראַגן, גייט עס שוין נישט!

וואָסזשע טוט מען? צולייגן קאָפּ גלוסט זיך דאָך נישט, האָבן מיר דערפונדן נייע כישופן, נייע גורלות...

כללים הייסט עס, דעוויזן, קלינגענדיקע ווערטער!

וואָס איר ווילט, אבי נישט קלערן!

יעדער כלל, יעדער דעוויז, יעדעס קלינגענדיק וואָרט איז א שטיקל מאגנעט, וואָס ציט צו נשמות ווי שטויב!

דער שטויב פון נשמהלעך, וואָס האלטן זיך אָן אן מאגנעט, איז א „רעדל", א חברה, א פּארטיי!

א גוטע זאך איז דער דעוויז, און ווי נוצלעך איז א קלינגענדיק וואָרט! מען האָט דיר אויסגעהאקט א שויב, און דאָס געשריי פון הונגעריקע וועלף רייסט זיך דיר אין שטוב אריין און לאָזט נישט שלאָפן, — כאַפּ אן „איזם", א קלינגנדיקן „איזם" און פארשטעק דאָס לאָך, וועסטו ווייטער רואיק שלאָפן!

עס איז דיר א ווערעמל מיט א קופּערן־פּיסקל אריין אין אויער, פון אויער האָט זיך עס אריינגעגנבעט אין די געהירן, און דלובעט, און דלובעט צום משוגע ווערן, כאַפּ א דעוויז, און הויב אָן שרייען, למשל:

די וואכט אם ריין, די וואכט אם ריין!

זינגען איז נאָך בעסער! דו מעגסט אפילו קיין דייטש נישט זיין; שריי. זינג — דאָס ווערעמל וועט איינשלאָפן.

האָסט ווייניק קאָנווע אין קאָפּ, דיר אויסצושטריקן א גאנצן סיסטעם, — א קלייניקייט! מאך גרויסע לעכער און פארשטאָפּ זיי מיט דעוויזן, מיט קלינגנדיקע ווערטער און דו ביסט אַ גאנצער פילאָזאָף, און דו פארשטייסט הימל און ערד, דיין אייגן לעבן — אוודאי!...

— וואָסזשע ווילסטו?

— איך וויל, — זאָגט ראטמאן, — מענטשן זאָלן זיך נישט אויסרייסן די געזונטע אויגן און אַריינזעצן אויף זייער אָרט קאָלירטע גלעזלעך! מענטשן זאָלן זיך נישט פארשטופּן הארץ און געהירן מיט קלינגנדיקע ווערטער און ווערטלעך; איך וויל — מענטשן זאָלן קלערן!

— און דיין נייע אידייע?

— מיין נייע אידייע איז טאקע צו גרינדן א חברה אָן „איזמען", אָן גלעזלעך... א חברה פון מענטשן, וואָס זאָלן זיך נישט שעמען, ארומצוגיין אין גאס מיט פראגע־צייכן אויף די שטערן; וואָס זאָלן נישט איינרעדן, נישט זיך, נישט יענעם, אז זיי מוזן אלץ וויסן, אז זיי ווייסן אלץ... אז זיי קענען היילן קרענק...

— וואָס וועט די חברה טון?

— קלערן וועט זי, שטודירן, אלץ וועט זי וועלן וויסן, אלץ דערגרונטעוועז...

א חברה־מאן, אז ער הערט א קלינגענדיק וואָרט, פרעגט ער זיך און יענעם: וואָס באדייט עס? וואָס זאָגט עס צו? און זאָגט עס עפּעס צו, צי האָט עס א זיכערע היפּאָטעק, צי מעג מען דרויף ש ט ע ל ן ?

א חברה־מאן, אז ער הערט א שפּרוך, פרעגט ער זיך און יענעם: פון וואָס באשטייט ער? ווו שטעקט דער כישוף? מיט וואָס ציט ער צו?

און אויב ער זעט, אז עס איז א פארבלענדעניש, אן איינגערעדטע זאך, שטעלט ער זיך אָפּ און באווייזט רעכטס און לינקס, אז עס איז א שקר!

ר א ט מ א ן דערהיצט זיך:

— יעדער חברה מאן איז מחויב צו ראנגלען זיך קעגן יעדן שווינדל, קעגן יעדן חלום, קעגן יעדעם פוסטע וואָרט...

— און אויף דעם אָרט פון חלומות און פוסטע ווערטער? —

— וועט די חברה געבן נייע אידייען...

---

מיט איין וואָרט: ר א ט מ א ן וויל פארלייגן א פאבריק פון נייע אידייען...

דאָס ווייסט איין גאָט!

יעדע פאבריק דארף האָבן רוי־מאטעריאל, — ווו וועט ער עס נעמען?

און בשעת איך הער זיינע רייד, דאכט זיך מיר, אז איך זע א וואונ־דערלעך בילד אין דער לופט.

א ווילד ברויזנדיקער ים — א שיף איז אין געפאר, איין פאליע ווארפט זי צו דער צווייטער; נישט ווייט זענען ריפן און פעלדזן, זי קען זיך לייכט אָנשלאָגן און צעשמעטערט ווערן; און דער הימל ווערט וואָס אמאָל פינצטערער, די לעצטע שטערן פארשווינדן, די מענטשן זעען איינער דעם צווייטן נאָר ביים בליץ... און נאָך יעדן בליץ — גייט א דונער...

און נישט נאָר די שיפסלייט ווילן רעטן די שיף, — אלע רייזנדע אר־בעטן מיט... קופּקעלעך דערשראָקענע מענטשן, דערשראָקענע און דענער־ווירטע; אין מיטן יעדן קופּקעלע רעגירט אן אנדערער, הייסט טון עפּעס אנדערש, און דער עולם פאָלגט און ארבעט מיט די לעצטע קרעפטן... און ווערט דער עולם מיד, שרייט מען פון דער מיט ארויס עטלעכע הויכע,

קלינגענדיקע, הייסע ווערטער, און דער עולם דערהיצט זיך, באַקומט נייעם כוח, און אַרבעט ווייטער און ווייטער...

נאָר אָט רייסט זיך אָפּ איינער: —

— מען טוט אָן פאַרשטאַנד, אָן וויסן, מען טוט נאָר דורך קלינגענ־דיקע הויכע ווערטער — „איזמען”, און „איזמען” —

— ק ל ע ר ן ד אַ ר ף מ ע ן !

און ער בויגט אַוועק דעם קאָפּ אָן א זייט, די שיף קנאַקט, דער דונער שלאָגט און שלאָגט, מענטשן אַרבעטן מיטן לעצטן אָטעם און ער — ער קלערט...

# וועגן געשיכטע

## (א ביטערע הומאָרעסקע)



באקאנטער ייד זעצט זיך נעבן מיר אויף א באנק אין קראשינ־סקים גאָרטן און פרעגט מיך, וואָס איך בין אזוי טרויעריק.

— גרעץ איז געשטאָרבן! ענטפער איך אים.

ברוך דיין־אמת! מאכט דער ייד — א היגער?

. . . . . . . . . . . . . . .

די פראגע, וואָס ניינציק פראָצענט יידן וואָלטן געפרעגט אויף זיין אָרט, איז די מאָס, ווי טיף עס איז דער תהום, אין וועלכן מיר זענען אריינגעפאַלן! ווען קען נישט דאָס יידישע ווארשע? ווער ווינט נישט אין דער נאַלעווקעס מוח, ווער ליגט נישט אויף דער וואָלאָווער צונג? פון וועמען רעדט אלץ נישט דער אריסטאָקראטישער גרזיבאָוו?

ווארשע זאָל קלינגען דארף מען נישט דווקא פארשפילן ווייב און קינד אין דערדע, אָדער ארויפקריכן אויפן אויאזדאָווער קלאָץ... עס איז גענוג, א דראָשקארסקע פערד צו זיין, און פאלן איבער די שינעס פון טראמוויי...

דאָך איז ווייניק א גרעץ צו זיין, די געשיכטע פון יידישן פאָלק צו שרייבן!

און, אז מיין שכן ווערט פון מיר געוווייר, וואָס גרעץ האָט געשריבן, מאכט ער ערשט:

— אָ! היסטאָריע! און מיט אזא קול, גלייך ער וואָלט באוואונדערט עמעצן, וואָס האָט אויפגעגעסן 12 הארטע אייער מיט אמאָל.

און, אז איך שפרינג שיר פון דער הויט ארויס, פרעגט ער גאנץ נאיוו:

און וואָס האָט מען פון דער היסטאָריע?

. . . . . . . . . . . . . . .

— איר זענט א ייד? פרעג איך.

— דאַכט זיך! שמייכלט ער, ווי איינער רעדט: אביסל מער פאַר דיר!

— איר האָט עפּעס ליב יידן?

— ווי דען? פּיינט האָב איך?!

— איר ווייסט, אז אלכסנדר מוקדון האָט געטראָפן אויף זיין וועג פון סאַמע נצחונות, א גאַנצע מדינה מיט סאַמע ווייבער?

— א שאלה דאָס איז! עס איז דאָך — דאַכט זיך — אן עין־יעקב, און אפשר האָט עס מיר דער רבי אין חדר דערציילט.

— איר ווייסט, ווען מלכות בית־דוד און מלכות ישראל האָבן זיך צעטיילט? ווען פון איין יידיש פאָלק איז צוויי געוואָרן?...

— ווען? וואָס טויג מיר צו וויסן ווען?... די מעשה שטייט אין פּסוק.

— און ווו איז אהינגעקומען מלכות ישראל?

— מלכות ישראל — האָבן מיר א קיימא־לן — איז אויף יענער זייט סמבטיון...

— און ווו זענען אהינגעקומען די יידן, וועלכע מען האָט ארויסגע־טריבן פון שפּאַניען?

— זיי זענען זיך צעלאָפן.

— און די, וואָס מען האָט ארויסגעטריבן צוויי מאָל פון פראַנקרייך?

— ווו זאָלן זיי זיין! אביסל איז אוודאי ע ר ג ע ץ אוועק, און די רעשט האָט זיך צוריק אריינגעגנבעט. א שאלה דאָס איז!

— איר ווייסט, וואָס יידן האָבן געליטן, און ליידן ביז היינט אין פּרס, רומעניען...?

— אין פּרס, ווייס איך נישט; וועגן רומעניען דערציילט מען אלע מאָל אין שיל, פון „הצפירה" ארויס; האָר און נעגל שטעלן זיך קאַפּויר!

— און פון „ ק ר יי ץ ־ צ ו ג " ווייסט איר עפּעס?

— פרעגט מיך עפּעס גרינגערס!

— איר קענט נישט קיין דייטש?

— דייטש איז עס?! מילא, — פעלט מיר א וו אָ ר ט ?

— און „נושאי־הצלב"?

— וואָס איז דאָס פאַר א לשון?

— לשון־קודש! איר ווייסט גאָרנישט, אז דורך די נושאי־הצלב, אָדער קרייץ־צוגן, זענען טויזנטער יידן געהרגעט, גאַנצע קהילות חרוב ונחרב געוואָרן...

— איר מיינט אוודאי שנת ת"ח, כמעלניצקיס צייטן!

— פון יידן אין מאַראָקאָ, ווייסט איר עפּעס?

— אין מאראָקאָ? נ יי ן נישט געהערט!

— און געוואָלט וויסן וואָלט איר?

— באַ! וויסן! און וואָס איז דאָרט! אנדערע מאָדע צרות? עס גייט אויף אַן אַנדערן אויפן? גלויבט מיר, — אומעטום א יי ן וועלט... איך דאַנק גאָט אַז איך פאַרגעס דערין. (פּויזע. און נאָך אַ זיפץ:) — און זאָגט נאָר, איר לייענט דאָך ציטונג, וואָס הערט זיך בעסער נייעס?

. . . . . . . . . . . . . . .

— ניין — זאָג איך צו מיין שכן, — איר האָט יידן נישט ליב.

— א והאָ־ראיה? איך גיב קיין געלט נישט? כ'האָב נישט! די דייטשן האָבן — גיבן זיי!

— נישט דאָס מיין איך.

זעט איר, די טבע איז פון אַ בשר ודם, אַז ער וויל וויסן אַלץ וואָס רירט נאָר אָן זיינס אַ גוטן פריינט אַ קרוב. אַז איר טרעפט, למשל, אַ קרוב, וועלכן איר האָט שוין עטלעכע יאָר נישט געזען, ווערט איר נישט מיד אויסצופרעגן! ווי עס איז אים איבער דער צייט געגאַנגען, וואָס ער האָט איבערגעלעבט; איר פרעגט וואָס זיין ווייב, זיינע קינדער מאַכן. איז עמעץ פון הויז־געזיינט קראַנק געווען, ווילט איר וויסן אויף וואָס, צי האָט ער גרויסע יסורים געהאַט, ווי לאַנג עס האָט געדויערט, וועלכער דאָקטאָר, צי וועלכער זנאַכער עס האָט געהאָלפן; אויב אַ דאָקטאָר — צי איז דאָס פלעשעלע געווען אַ רויטס אָדער אַ גרינס, און אפשר גאָר אַ ווייס... אויב אַ זנאַכער — צי האָט ער נאָר געזאָגט אָדער נאָך איינגעוויקלט אין רויך... און נישט דווקא ביי אַזוינע וויכטיקע זאַכן... אַז איר דערזעט אויף אייערם אַ באַקאַנטן ניי מלבוש, ווילט איר וויסן, ווי טייער ער האָט געצאָלט אַן אַרשין, וויפל שניידער־געלט; איר הויבט נאָך אויף די פּאָלע, צי מען האָט אים נישט גענאַרט אויפן אונטערשלאַק...

— אמת — שמייכלט דער ייד. דאָס קען איך נישט לייקענען.

— יאָ — פאַל איך אַריין אין נצחון: — און, אַז איר האָט ברידער, זאָג איך, אויף דער גאַנצער וועלט, ווילט איר גאָרנישט וויסן וואָס מיט זיי טוט זיך; און, אַז אייערע ברידער ליידן שוין טויזנטער יאָרן, אינטערעסירט אייך נישט צו וויסן, וואָס אין דער גאַנצער צייט איז מיט זיי געשען.

— און פון דאַנען — זאָג איך ווייטער — איז געדרונגען, אַז „עס

כל ישראל אחיהם" פון ראש־חודש בענטשן, זאָגט איר מיט דער אייגענער כוונה ווי „לשנה הבאה בירושלים"...

. . . . . . . . . . . . . . .

— און אז איך פיל פאָרט, אז איך האָב ליב יידן!
— האָט איר א טעות.
— גלאַט געזאָגט...
— איך וועל אייך אויסווייזן, נאָר ענטפערט מיר ערלעך אויף עט־לעכע שאלות.
— נו!
— איר האָט ליב אייערע קרובים?
— נישט אלע.
— פארוואָס נישט אלע?
— ווייס איך, וואָס איר פרעגט! און אז מיינס א קרוב מאַכט זיך נעבן מיר א מסחר, פונקט אזוינס ווי איך האָב, גלייך עס פעלט מסחרים אויף דער וועלט, קריכט מיר אין וועג אריין, רייסט מיר ארויס דעם קונה פון געוועלב, דעם ביסן פון מויל, — זאָל איך אים קיין שונא נישט זיין? אָדער, אז איך האָב — פון ווייבס צד — א קרוב א שיכור, אָדער א מחלל שבת בפרהסיא, — זאָל איך זיי ליב האָבן?!
— און א חוץ זיי?
— א חוץ זיי — יאָ! אלע קרובים, וועלכע איך קען!
— און די, וואָס איר קענט נישט?
— ווייס איך נישט! איך האָב למשל א לייבלעך שוועסטערקינד אין אמעריקע, איך האָב'ן קיינמאָל פאר די אויגן נישט געזען!...
— האָט איר אים טאַקע... לייג איך אים אונטער.
— פיינט נישט, נאָר ליב אויך נישט. אז איך קען אים מיר גאָרנישט פאָרשטעלן! האָב ליב א לאָך פון א בייגל אז איך קען אים נישט!
— און יידן בכלל קענט איר?
מיין „ייד" האָט זיך דערפילט ווי א מויז אין פאַל, ער וואָרפט זיך: אָט אהין, אָט אהער.
— פארפאלן, זאָג איך, איר האָט נישט ליב דעם כלל יידן, ווייל פון כלל־יידן האָט איר גאָר קיין באגריף נישט! א לאָך פון א בייגל! (פויזע).
— מיט וואָס, פרעג איך, האנדלט א ייד?
— מיט שפּייז, ענטפערט ער פינצטערלעך.
— איר לעבט שוין אויף דער וועלט א יאָר 50?

— 45! פארבעסערט ער.

— זאָל זיין 45; אין אייער לעבן האָט איר דערקענט א ביסל נענ־טער א 200 יידן... פון זיי וואַרפט איר האַלב אין וואַסער אריין, — די, וואָס זענען נישט פרום, די, וואָס זאָגן הודו פאַר ברוך־שאמר אָדער פאַר־קערט... ווער שמועסט די וואָס דאַווענען גאַרנישט... אפּיקורסים! — אין פייער אריין... פון דער רעשט נעמט איר נאָך א שפּאַר ביסל און וואַרפט אויף דער וואַנט: מיט איינעם האָט איר א פּראָצעס, דער צווייטער א קאָנ־קורענט — קריכט אין דער לעבער, דער דריטער האָט אויף אייך א ווערטל געזאָגט, דעם פערטן זענט איר געלט שולדיק, דעם פינפטנס ווייב האָט זיך מיט אייער פּלוניתטע געקריגט... די רעשט, וויפל עס בלייבט דאָרט, האָט איר פּיליכם ליב...

ער פאַרטראַכט זיך, קלערט נאָך און איך שמיד דאָס אייזן אין דער היץ:

— ליב האָבן הייסט קענען! ליב האָבן דעם כלל ישראל, הייסט זיין צוגעבונדן, נישט צו א 20—30 יידן, נאָר צו דער גאַנצער לענג פון אַלע דורות, און צום גאַנצן היינטיקן דור, וואָס איז צעשפּרייט און צע־זייט... א פאָלק איז ווי א קאָנוס...

— וואָס איז דאָס ווייטער?

— זאָל זיין ווי א היטל־צוקער: אויבן — אברהם אבינו! וואָס אראָפּ נייט אַלץ ברייטער און ברייטער... אונדזער היטל־צוקער... איז אייגנטלעך נישט קיין ריכטיקע קאָנוס: אינמיטן האָבן די מייז אויסגעביסן, וואַסער אויסגענעצט... וואָס נידעריקער, שפּאַלט זיך און צעפלייסט זיך אַלץ מער די פיגור... צווישן אונדזערע פאַרשידענע טיילן שווימען דורך וואַסערן, ציען זיך סטעפּן, פאַרשפּרייטן זיך לענדער... — ליב האָבן יידן הייסט: ליב האָבן די גאַנצע פאָרעם! ליב האָבן הייסט: אַלץ קענען, אַלץ וויסן, אַלץ האָבן אין האַרץ, אין געהירן, אין בלוט!

. . . . . . . . . . . . . . .

— מען קען נישט זאָגן, — מאַכט מיין שכן א פּאָר מינוט שפּעטער, — אינטערעסאַנט איז עס!

— עס איז — זאָג איך אים — מער אַלס אינטערעסאַנט, עס איז א נייטיקע זאַך. עס איז איינס פון די יסודות, וואָס דאָס גאַנצע יידנטום, דאָס גאַנצע „היטל צוקער" שטייט דערויף...

זעט איר, מיר זענען דאָך אַן אַלט פאָלק, און דאָך זענען, אין דעם פאַל, אַנדערע פעלקער פיל קליגער פאַר אונדז. און נישט נאָר די אייראָ־

פּעאישע פעלקער, וואָס שרייבן, לעזן און לערנען היסטאָריע; נישט נאָר די רוימער, די גריכן, די אַלטע געבילדעטע פעלקער, וואָס האָבן געהיטן זייער געשיכטע ווי אַן אויג אין קאָפּ; נישט נאָר אפילו מצרים, פרס־ומדי, וועלכע האָבן זייער היסטאָריע געקריצט אויף שטיינער, אויף ווענט, אויף פּיראַמידן, נאָר אפילו די אמת ווילדע, גאַנץ ווילדע פעלקער, האָבן אויך פאַרשטאַנען וואָס היסטאָריע איז.

די ווילדע שטאַמען אין אַפריקע און אַמעריקע, גייען נאָך ארום נאַקעט, ווי אדם וחוה אין גן־עדן; טראָגן, פאַר שיינקייט וועגן, מעשענע רעדלעך אין דער נאָז, פראָש־שיסעלעך אין די אויבערשטע אָדער אונטער־שטע ליפּן, לעדערנע בראַסלעטן אויף די פיס, הערנער אָדער געפליגל־פּע־דערן אויף די קעפּ! זייער נאַקעט לייב איז אויסטאַטואירט מיט אַלערליי פאַרביקע פיגורן, באַשמירטע מיט פעטס. און אפילו די ווילדע מענטשן, וויסן שוין אויך, אז היסטאָריע איז נויטיק! און, ווייל די מענער זענען אייביק פאַרנומען מיט קריג, פיש כאַפּן און יאגד, מוזן די ווייבער געדענ־קען אַלץ וואָס דער שטאַם האָט איבערגעלעבט און דערציילן עס ביי יע־דער געלעגנהייט —

— אפשר איז עס טאַקע מינהג עכו״ם?

— און די תורה פון וואָס הייבט זיך אָן, נישט פון געשיכטע?

— אויף דעם שטעלט זיך טאַקע רש״י!...

---

— און צו וואָס דאַרף מען זי פאָרט די געשיכטע?

— איר האָט עפּעס קינדערלעך? ענטפער איך מיט א פראַגע.

— ווי גאָט האָט געבאָטן!

— ווער איז — איך בעט אייך — קליגער, א י ר אָדער אייער קינד, וואָס גייט ערשט אויף דער וועלט ארויס?

ער ווערט ערנסט.

— די אייער זאָגן שטענדיק, אז זיי זענען קליגער פאַר די הינער...

— אָבער די הינער וואָס זאָגן? צי וועט איר געטרויען א יינגל פון 6—7 יאָר אייער פאַרמעגן, אייערע געשעפטן?...

— אוודאי נישט! משוגע בין איך?

— פאַרוואָס נישט?

— איך וואָלט מיר באַלד געדאַרפט א טאָרבע קויפן.

— וואָס איז, א זעקס יעריק יינגל קען קיין געשעפט נישט פירן?

— מן הסתם נישט! וואָס, פּראַקטיק האָט ער?

— און דעריבער א פּנים, גיט מען דעם פּאַרפאָלק נישט אזוי געשווינט און נישט אויף אמאָל ארויס דעם נדן, ווייל צום האנדלען דארף מען האָבן פּראַקטיק און דער יונגערמאן איז ערשט פון אונטערן אויוון אַפּיר!

— אוודאי אזוי!

— מען זוכט פאר אזויגעם א יועץ, אן עלטערן שותף.

— מן הסתם! איר מיינט, אז ביי פּראָסטע יידן איז שוין גאָר קיין שכל נישטאָ?

— חס־ושלום! איך מיין גאָרנישט. נאָר זאָגט מיר, איך בעט אייך, אָבער מיט דער צייט, ווערט אוים קינדער לייט?

— א וו ד א י ! אז מען זעט א וועלט, מען קריגט פּראַקטיק, מען ווערט געוווּיר, וואָס גוט און וואָס שלעכט איז, לערנט מען זיך אוים.

— זעט איר, א פילאָזאָף האָט געזאָגט, אז דער נעכטיקער טאָג איז דעם היינטיקנם לערער.

— אויף דעם דאַרף מען א פילאָזאָף? א חדר־ייִנגל ווייסט דאָס, פּראַקטיקע! — די וועלט (זיפצט ער אָפּ) איז א טייערער לערער!

— צו פּראַקטיק, דאַכט זיך, מוז מען האָבן זיכרון?

— אוודאי —

— און ווען איינער, חס־ושלום, ווערט קראַנק, למשל, אויף א טיפוס, און פ א ר ג ע ס ט אלץ?

— איז טאקע שלעכט! מוז מען אָנהויבן פון אלף־בית... דאָס איירגענע האָט דאָך ר׳ ששתן געטראָפן.

— און ווי איז, אז איינער, רחמנא־ליצלן, האָט גאָר קיין זיכרון נישט, ער איז געבוירן געוואָרן גאָר אָן זיכרון?

— עס טרעפט זיך דען?

— למשל!

— איז אוודאי ביטער ווי גאַל; אזויגער קען זיך גאָרנישט אויסלערנען, קען קיינמאָל נישט קלוגער ווערן... אפילו ביי משותלחס יאָרן... אָן זיכרון איז אָן פּראַקטיק.

— און א ייִנגל פון 6 יאָר מיט א זיכרון קען זיין קליגער פאר אים?

— אוודאי!

— זעט איר! איין זאַך אָבער מוזט איר נאָך פאַרשטיין, אז נישט נאָר א מענטש, נאָר אויך א פאָלק דאַרף האָבן א זיכרון! און א פאָלקס זיכרון איז די היסטאָריע! אָן היסטאָריע — ווי א מענטש אָן זיכרון — קען

קיין פאָלק נישט קליגער, נישט בעסער ווערן. פון וואנען זאָל דאָס פאָלק נעמען „פראקטיק”, אין דער שלעכטער צייט — עצות און בטחון, אז יעדער דור מיט זיינע צרות און נחת, חסרונות און מעלות, ווערן — „אָפּגעשניטן און אוועקגעלייגט”, אז וואָס אריין אין גרוב איז ארויס פון קאָפּ!

— ווירקלעך, זאָגט ער, אין א שלעכטער צייט, פארלירן מיר די קעפּ, עפּעס ווערט פון אונדז ווי א סטאדע שאָף; ווער עס וויל און „נעמט זיך הערנער”, ווערט דער טריק; דער שליח-ציבור!

. . . . . . . . . . . . . . . .

— פאָלגט מיך קויפט אייך גרעץ...

— און געלט? —

בין איך געבליבן אָן תשובה —

# ביי די פרעש צונאַסט



ליין איז דאָס געמויזעכץ, קלענער פאר מאָנטע־קארלאָ, עטלעכע מנינים פרעש אינגאנצן, און איך האָב עס ליב. דאכט זיך וואָס? קווא און קוואָ? און קווא איז וואסער, דערצו נאָך — אומריין וואסער. עס דאכט זיך אָבער נאָר אזוי. הערט אייך גוט איין צום קווא וועט איר געוויר ווערן שאטירונגען, מאָדעלירונגען, הונדערטער קווא־וואריאנטן; עס צעשפריצט זיך, ווי פונקען פון אונטערן האמער, אויף טויזנטער באַדייטונגען.

פאראָן קווא — פּלעביסציט! דער גאנצער זומפּ, אָן אונטערשיד פון גלויבן, נאַציאָן, געשלעכט און אפילו עלטער. ווערן קלוג געבוירן די פרעש! פאראָן קווא — מארסעליעזע; פרעש גייען אויף א באסטיליע, פאלן ווי די פליגן... פאראָן א תשעה־באב'ער און א יום־כפּורדיקער קווא... און א ש וו ע ר ע ר קווא, נאָך ציבעלעס, קאשע, קוגל, פלייש, עס גרעבצט: „רבקה, קום רבקה...” און א קווא פראנק, פראנק, לייכטזיניק ־ קנאקנדיק: „מארגאריטא, פארוואָס האָסטו מיך נישט ליב?” הייסט עס. — און א קווא צום הימל ארויף, צום בורא עולם, א שבח און א דאנק פארן היי־מיש־ליב־ווארעם פאָטערלאנד, לעבן זאָל עס! עס איז דען צום אויסרעכענען...

און דאָס קליינע פאָטערלאנד פון פרעש, מיט דער אָפיציעלער קווא־שפּראך און קווא־מוזיק, ציט מיך גאנץ אָפּט צו זיך. דערהויפּט זומער פארנאַכט... אין שטאָט ווערט מען דערשטיקט... דערשלאָגן פון גאסן־גערודָ, מיט שוויים און שלעכטן פּערפומע־געמישט: דער בלענד פון שילדן, שוי־פענצטער און ברענענדיקע זינד־און־הונגער־ברענענדיקע אויגן, פאַר־טויבט פון רעדער אין שפּיל־קאַסטן — —

איר ווייסט, וואָס שפּיל־קאסטן זענען? איר מעגט וויסן, און זאָגן וועל איך אייך: שארמאנקעס, קאטערינקעס, אָדער ווי מען רופט זיי... ניגונים זענען אריינגעכישופט אין זיי: פון „מארגאַריטא, פּאַרוואָס ווילסטו מיך נישט קושן”, ביז „לא אבדה תקותנו”!... און א שפּאלט האָט דער

קאסטן, פון א קופּערנעם צענער די גרוים, וואַרפסט אַריין און — וואָס דו ווילסט!...

אנטלויף איך, קוים לאכנדיק צום געמויזעכץ...
זעץ מיך אויף דעם ראנד פון קליינעם פאטערלאנד...

. . . . . . . . . . . . . . . .

שיין זענען די פרעש. סאמעטן, גלאט־גרין־גלאנצנדיק די הויט. דער עיקר אָבער זענען די דריי מעלות וואָס עס האָט דער פראָש:

1) זיי ווערן אין הייבעלעך געבוירן; שוין אזא מזל.

2) טוישן אלע פיר וואָכן די הויט; ברויכן קיין וויסע וועש. און — גאָטס גנאָד!

3) די באוועגלעכקייט פון דער אונטערשטער ברעם ביי פרעש!

געשעמט אַן עוולה אין זומפּ — אין פאטערלאנד, א צי ארויף די אונטערשטע ברעם; בעסער ווי א שלאָף־מיץ איבער די אויערן; נישט געזען, ג אָ ר נ י ש ט!

. . . . . . . . . . . . . . . .

און א באקאנטע האָב איך אין זומפּ, זייער אַן אינטערעסאנטע. שיין — ווי נאָר א פראָש קען זיין און דערצו — קלוג! אחיתופל אמאָל, ביסמארק ערשט נישט לאנג — סטאַליפּין היינט. קיין פארגלייך.

— אַלץ — זאָגט זי — איז זומפּ.

קהלת האָט געזאָגט: אַלץ איז נאַריש; זי — אַלץ איז בלאָטע. אלע לעבן אין בלאָטע. ציען חיונה פון בלאָטע — געמויזעכץ...

— און די פיש! פרעג איך אמאָל.

— טריב וואסער! — מער אָדער ווייניקער קויט...

— זי האָט — זאָגט זי — דאָרט אויך מחותנים.

— און פייגל?

זי האָט אפילו קיין ישוב נישט; גלייך דער שכל ליגט איר באַלד אויפן שפּיץ צונג:

— לעבן אין דער לופט? און וואָס איז לופט? גיס אין מרחץ וואסער אויף די שטיינער, ווערט פארע — לופט... שטעל זומער א שיסל וואסער אויפן פענצטער ווערט לופט...

געלערנט פיזיק?

— און די סאלאמאנדרע?

פארגלייזט זי שוין די אייגעלעך:

— ערשטנס — זאָגט זי — איז אפשר איר נאטור אזוי, צווייטנס —

זיך צוגעווינט, און דריטנס — איז עס איינגאנצן א לעגענדע...

און טרילערט צו: קווא — קווא — קווא! וואָס האָט געהייסן אויף אונדזער לשון:

—בלאָטע, בלאָטע, בלאָטע!

. . . . . . . . . . . . . . .

— מאדאם פראָש — זאָג איך איר אמאָל — איך וועל דיר דער־ציילן א מעשהלע.

— דערצייל!

און א געטלעך - פארכישופטער שמייכל צעלייגט זיך איבערן גרין־גלאנצנדיק־סאמעטן פנימל.

— און אויב — גיט זי צו — עס וועט נישט זיין צו נעפלדיק־מאָ־דערן, וועל איך עס איבערדערציילן צום דרוקן דעם הויפט־רעדאקטאָר פון זומפ־הויפישן מאָניטאָר.

— איך ווייס נישט... עס וועט, דאכט זיך, שמעקן מיט קבלה...

זי פארקרימט זיך, ווי נאָך א לעק ציטרין און מאכט רעזיגנירט:

— נו...

— א מעשה מיט א מיידל א קאליקע...

נאָך א פארקרים.

— אָבער א זעלטענע קאליקע. זי קען די אונטערשטע ברעם נישט אראָפּלאָזן, פארשטעלט איר א האלב אויג...

— נו?

— זעט זי נישט וואָס עס טוט זיך נידעריקער פארן אויג. קען, אויף קיין פאל, נישט קוקן אראָפּ. די אויגן זענען שטענדיק, פון געבווירענער־הייט אָן, באוועגט ארויף, נאָר אין דער הויך ארויף...

— או—פע! כאַפּט זיך די דאמע ארויס, — אזוינע מוז דאָך האלטן אין איין פאלן... זעט דאָך נישט, וואָס אונטער די פיס טוט זיך.

— עבען... און עס איז זי זייער שווער געווען, אויסצולערנען גיין... וואקלט זיך, פאלט, ווי איר זאָגט. ערגער איז אָבער געווען דערמיט, וואָס זי האָט מיט דער צייט אויפגעהערט צו זען און צו דערקענען איר יונגער הויז־געזינט, שוועסטערלעך און ברידערלעך...

—א סך געווען?

— נישט געציילט... שפעטער, אז זי וואקסט אויף, זעט זי שוין נישט די עלטערע, אפילו נישט פאָטער און מוטער...

— ע! רופט אויס די דאמע און אינעם „קוואַ" — קלינגט עטוואָס שרעק, עטוואָס באַדויערן און דראָען...

— און די עלטערן, און אַלע קרובים ארום זענען בייז: „האַלט זיך גרויס און פּאַרשייט", זאָגן זיי, „זי וויל אונדז נישט זען!"

— האָט מען זי ביינאַכט, אין דער שטיל, — דערוואָרגן?

— ניין, מען האָט געפּרוווט זי שיקן אין שול אריין. דער לערער וועט זי דאָך זען! א הויכער, זיצט אויף א קאַטעדרע!

—און זי האָט'ן געזען?

— א קורצע צייט. דערנאָך — נישט א האָר; גראָד גאָלקעפּיק גע־וואָרן אויך... האָט ער איר געגעבן איבער די הענט. האָט זי געשריגן, האָט ער זי ארויסגעטריבן, איז זי אנטלאָפן — —

— אהיים?

— זי האָט מורא געהאַט, מען זאָל זי, ביינאַכט, אין דער שטיל, נישט ווערגן — אין דער וועלט אריין!

אונטער דער שטאָט האָט זי אין דער לופט פייגעלעך געזען... א מאסע...

— פויגעלעך, פויגעלעך, נעמט מיך מיט.

— זיי האָבן קיין צייט נישט. און קענען אפילו נישט ענטפערן. פליען צו די נעסטן צו די קינפּעטאָרנס אין די נעסטן, פול ווערעמלעך אין מויל... פליען זיי אוועק שטילשווייגנדיק... קומט אָן צו פליען אן אָדלער...

— אזוי?

אן אָדלער מאַכט שטענדיק אן איינדרוק, א לופטיקער רינאַלדאָ־רינאַלדיני...

— אָדלער, אָדלער, נעם מיך מיט!

— אויך קיין צייט נישט געהאַט? אויך צו דער נעסט?

— ניין. דער אָדלער איז אויך עפּעס עלנט געווען... איינער אליין אויף א הויכן, מיט א וואָלקן ארומגעגארטלטן פעלדז — האָט ער געוווינט...

— פון יענער הויך — זאָגט ער איר — זעען אויס די אלע, וואָס גייען דאָ, אויף פיר צי אויף צוויי, ווי מילבן...

— איך האָב פיינט מילבן — זאָגט דאָס קאַליקע מיידל.

— נעם איך דיך מיט! — זאָגט דער אָדלער, און ער טוט עס...

— און ס'איז געוואָרן א לעבן! און איינס פון צווייטן פאַרהוילט נישט, באַהאַלט נישט, האָט קיין סודות נישט — א זיס לעבן?

— נישט שטענדיק...

כּל־זמן דער אָדלער פליט און רעדלט איבער איר קאָפּ זעט זי אים... ליבט זי אים... — דאַרף ער פּרנסה —

— לאָזט ער זיך אַראָפּ? א ו י ב ן איז נישט פאַראַן?

— עבן... פאַרלירט זי אים פון די אויגן — —

א שטאָט־זייגער שלאָגט פּלוצלינג: אכט.

— פּאַרדאָן, — בעט מיך איבער די דאַמע אין מיט מעשהלע. זי האָט אַ קאָנצערט אויף אָרעמע לייט אין זומפּ, שטייט ביי די אַפּישן און „ציור" — זי איז שוין דערינען...

און איך לאָז מיך צוריק, מיד, פאַרדראָסן און זויער אין שטאָט, אין שטוב אריין, וואַרף מיך אויפן בעט. עס שלאָפט זיך יאָ, עס שלאָפט זיך נישט. און בילדער, אָן מיין ווילן, אָן מיין וויסן כמעט, שלאָגן, יאָגן זיך — ווייסט איין גאָט, ווי אזוי... שוויים, פערפומעס, זינד־ און הונגער־אויגן, געמויזעכץ... שפּילקאַסטן און ס'ווילט זיך אזוי אַנטלויפן פון דעם אַלעם —

— וווּ אַהין?

איך ווייס נישט, ווער עס פרעגט, נאָר אַ שטימע הער איך.

— וועמען עס איז שלעכט אויף איין אָרט, גייט איבער אויף אַ צווייט אָרט... פון קאַלטן צפון צו דער ריוויערע, פון ישוב צום סטעפּ, פון טריקעניש צום וואַסער; וועמען עס איז אָבער ענג, קאַלט און שלעכט אין דער צייט, קען זיך אין קיין אַנדערער, בעסערער נישט איבערטראָגן...

— פאַר וואָס נישט פאַרן אין דער צייט? — שריי איך אויס. פאָרן נישט היסטאָריקער צוריק ביז אדם־וחוה אָן די גאַרטלען אין גן־עדן? פאָרן נישט נביאים פאָרווערטס ביז צום שיינעם יינגל, וואָס פּאַשעט מיט אַ רויזן־שטענגל אַ ציג און אַ וואָלף צוזאַמען!

— איך וויל!

און מיין ווילן — געשעט.

אַ מאָדנע קאָנסטרוקציע: נישט שיף, נישט קאַרעטע, נישט לופט־באַלאָן און אַלץ צוזאַמען, און עמעץ זיצט פון פאָרנט מיט אַ האַנט אויף אַ קנעפּל.

— ווער ביסטו? — שריי איך אויס דערשראָקן.

— קוטשער אויפן וואָגן פון דער צייט —

— פאָר! אָן־אַוואַן! און איך שפּרינג אַרויף —

— קוואַ! הערט זיך אַ ליידנד אויסגעשריי. מאַדאַם פראָש פאָרט

מיט, איך האָב זי שיר־נישט דערדריקט. מיר פאָרן, כ'פארגעס זי אפילו איבערצובעטן! דעם אָטעם פארכאַפּט עס...

— — — — — — — — — — — — —

ווייסט איין גאָט, וואָס פאר א צייט!

מען נעמט שוין נישט קיין ברויט פון דער ערד, אויס פויערן, אויס פּריצים. די ערד געהער נישט צו קיינעם, און די ערד־פּסיכאָלאָגיע איז פארשווונדן געוואָרן. אויס פּאַטערלענדער. פון גרינס, דער עיקר פון דערנער, מאַכן כעמיקער ברויט, דערהויפּט פון דערנער. מיר קאָנקורירן מיט די אייזלען, נעמעזים: אמאָל האָבן אייזלען געגעסן און מיר גע־הונגערט. און נישט נאָר ברויט, כעמיקער גיבן פיש און פלייש. קיין איינציק טיר ווערט צוליב אונדזער מאָגן נישט געקוילעט, און צוליב דעם מאָגן נישט אויפגעהאַלטן. די, וואָס האָבן געפּאָלגט דאַרווין און ספּענצער, זענען געוואָרן מענטשן, כסדר: נעגערן, ציגיינער, יידן, פּאָ־ליאַקן, דערנאָך גאַנצע מענטשן; אַנדערע זענען ערגעץ פארשווונדן גע־וואָרן. אין מאַנכע מוזעומס געפינען זיך משונהנע ביינער: מען זאָגט פון חיות... און מיר עסן נישט, נאָר טרינקען. אין פּאַריז ווערט שוין זאָגאַר נישט געטרונקען, נאָר געראָכן. מען שמעקט פון א פלעשעלע דעם טעם פון פיש, פון פלייש, פון וואָס מען וויל... שפּייז גייט דורך דער נאָז. די ענגלענדער טראָגן אונטער דער נאָז צווישן ביידע העלפטן וואָנסעס נערוך־עקסטראַקט־פלעשעלעך; שטענדיק אָפענע, און זענען שטענדיק זאַט... אויב עס עקזיסטירט נאָך א מויל, איז עס נאָר צום רעדן... חופּה־וקדושין, סעפּאַראַציע און גטין האָבן אויפגעהערט. נישט דער מאַן שפּייזט דאָס ווייב, ווי אינעם צוואַנציקסטן און נישט דאָס ווייב — דעם מאַן, ווי אינעם פינפאונצוואַנציקסטן יאָרהונדערט. יעדער באַקומט על־חשבון הכלל א פלעשעלע און ער שמעקט.

— — — — — — — — — — — — —

— און ווו זענ'מיר אצינד?

— די צייט איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן, האָט נאָך דעריבער קיין נאָמען נישט.

— אז זי וועט געבוירן ווערן — זאָגט מאַדאַם פראָש — וועל איך זיין די קוואַטערן...

— קען זיין! — באַשטייט דער קוטשער.

איך קוק אַראָפּ: פולע טייכן אַרום?

און עפּעס הער איך געשרייען:

— איז נישטאָ קיין הונגעריקע צו זעטן? קיין לעבצנדיקע צו דער־פרישן? קראַנקע צו היילן?

און אַנדערע:

— ווייסט איר נישט פון אונטערדריקטע מענטשן, לענדער, פעלקער, רעליגיעס — צום באַפרייען?

נישטאָ!

אַלע קלוג — קיינער וויל נישט אונטערדריקן, ווייסנדיק, אַז די אונטערדריקטע שטאַרקן זיך און די אונטערדריקער פאַרגייען פאַר ווילטאָג... און ווו נעמט מען קראַנקע, אַז עס איז איינגעפירט געוואָרן מיעטשניקאָווס סיסטעם, און קיין איינציק גליד שטאַרבט נישט אָפּ פאַר דער צייט, נאָר אַלע גייען אויס אין איין מאָס, אין איין צייט, אַלעס לעשט זיך אויס צוזאַמען און איינער טויט נישט דעם צווייטן... קיינער שלעפּט נישט מיט זיך קיין טויט אָדער רויט גליד... און די נשמה מיטן גוף גייען אויך אויס מיט איין מאָל, ווי פלאַם און בוימל אין אַ לאָמפּ. נישט פאַראַן קיין גופים אָן נשמה און נישט פאַרקערט. און דעריבער אויך: קיין ווילן אָן דער מעגלעכקייט אויסצופירן און קיין מעגלעכקייט אָן ווילן. פאַלשע אַפּעטיטן, פלירט, צווישן טאָג־און־נאַכט־חלומות — פאַרשוווּנדן! וויכוחים האָבן גאָר אינגאַנצן אויפגעהערט. אַלע האָבן די זעלבע אינ־טערעסן, און אַז דער טעלעפאָן קלינגט, ווען מען גלוסט זיך אויפצוהייבן? מען זיצט און מען גענעצט...

אַ לאַנד־, אַ וועלט־קרענק דאָס גענעצן. „שלום־עליכם" איז אַראָפּ־געקומען און געלעזן — מען גענעצט!

— אַמאָל, — זיפצט אַן אַלטער און גענעצט — פלעגן ליבן, בערן באַפאַלן — אַזוי דערציילט מען.

און היינט?

— עלעקטריש אויסגעשאָסן אַלע שעדלעכע חיות!...

— און די אָדלער — פרעג איך.

— ביז צו איינעם.

— ביי איינעם איז געווען אַ מיידל, צי אַ ווייבל אַ קאַליקע מיט האַרטע אונטערשטע ברעמען...

— קען זיין — אין דער היסטאָריע ווערט דערמאָנט, אַז דער לעצ־טער אָדלער איז אַרומגעפלויגן אַרום ביינער פון אַ מענטש... אַ זכר צי אַ נקבה, ווייסט מען נישט און (ער גענעצט) אַלצאַיינס...

— און עס איז שוין — גענעצט ער — קיין ערד־ציטערניש נישט געווען...

— טרייב, קוטשער, טרייב!

— — — — — — — — — — — —

— א יריד?

— ווי האָט איר אין אַזאַ צייט — האַנדל?

— טרייבן זיך רוחות אַרום?

— פון רוחות שוין לאַנג קיין זכר נישט!... אפילו קיין קיילעכ־דיקע טישלעך צום קלאַפּן.

— ווען מיר אַראָפּ זען. איבערלאָזן דאָס קנעפּל ביי מאַדאַם פּראַש אין דער האַנט?

— דאָס נישט. די צייט פאַר פרעמדע איז עס נאָך נ י ש ט... מען וועט אייך צערייסן. קוקט בעסער פון דער הייך.

ער דערלאַנגט מיר א פאַרגרעסער־גלאָז:

עס ווימלט דער מאַרק!

וואָס אין אַזאַ צייט קען זיך טרעפן?

אַז עס איז אין פראַנקרייך אַרויס די גזירה קעגן די גלחים, האָט זיך אַ גלח, פאַר האַרץ־קלעמעניש, אָנגעזאַפּט מיט שאַרטרעס, און ערגעץ אין אַ וויין־קעלער איינגעשלאָפן. פון פראַנקרייך איז אָן די גלחים, ווי פון שפּאַניע אָן יידן — אַ באַרג אַש געוואָרן. אָן גלח האָט מען פאַר־געסן, ליגט ער אין לעטאַרג; גייט איינער פון דער געגנעץ־מדינה און גראָבט זיך, אבי עפּעס צו טון, לעבעדיקערהייט אַ קבר, געפינט ער׳ם, טראָגט׳ם אין מאַרק אַריין, כאַפּט זיך דער צעשראָקענער גלח אויף —

פרעגט מען אים, ווי לאַנג ער שלאָפט; ווייסט ער נישט.

— האָט מען אין דיינע צייטן אויך גענענעצט?

דערמאָנט ער זיך:

— יאָ: לאָרדן אין ענגלאַנד —

— און אַזוי?

— נישט...

— וואָס פלעגט מען טון?

— כל־זמן די גלחים זענען געווען, האָט מען געדאַוונט; געווילט זיך אין קלויסטער...

— בטלנות!

— קאָנצערטן, אַזוי און אויף אָרעמע לייט... שפּיל־קאַסטנס פלעגט מען ארומטראָגן אין די גאַסן...

— מיר האָבן קנעפּלעך, מען גיט א דרוק, הערט מען וואָס מען וויל, און דעריבער — ווייל מען נישט, אָדער מען הערט און מען גענעצט...

— פּאָעטן פלעגן זיך פרייען מיט זונען־אויף־ און אונטערגאַנג...

— ביי אונדז איז שטענדיק זון. א וואַכעדיקע בייטאָג, אַן עלעק־טרישע ביינאַכט.

— ווינטער אין די גרויסע קעלטן פלעגן אָרעמעלייט נחת האָבן, אַז זיי האָבן ארויסגעשטעקט א פוס פון אונטער דער קאָלדרע און אים צוריק אריינגעכאַפּט; אַן אנגענעמען ציטער געכאַפּט.

— מיר האָבן קיין „ווארעם" און קיין קעלט. מיר האָבן דורכגע־בראָכן די ימים און די טריקעניש, און צעטיילט די עלעקטריע אזוי, אַז אומעטום איז מעסיקע טעמפּעראַטור.

— איך געדענק נאָך א זאַך — זאָגט דער מאָנאַך — נאָר עס חלשט מיר דאָס הארץ: גיט מיר אביסל ווייַן.

ער האָט ווייַן־פּולווער געשמעקט, באַדויערט דאָס אויג, וואָס האָט פון ווייַן קיין נחת נישט, און געזאָגט:

— מיליטער פלעגט מארשירן איבער גאַסן. דער עולם, יונג און אַלט, פלעגט נאָכלויפן פריילעך־לעבעדיק און יאָכצן...

—וואָס איז אַזוינס מיליטער?

— סאָלדאַטן מיט מונדירן און געווער, אָפיצירן מיט שליפעס, אַקסלבענדער —

— און וואָס איז אַזוינס מונדירן און די אַנדערע זאַכן, וואָס האָסט אָנגערופן, גלח?

— גיט מיר נאָך א שמעק ווייַן, דען איך בין מיד און מיין געדע־כעניש — אָפּגעשוואַכט.

און מיט א בליענדיקער נאָז האָט זיי אַלץ דער גלח פאַרטייטשט. און אומר ועושה: שוין דאָ מיליטער מיט געווער, אָפיצירן, גענערעלער, איין אָבערגענעראַל — —

און דאָס מיליטער מארשירט און גענעצט; און דער עולם קוקט און — גענעצט.

— ביסט א ליגנער, גלח!

— ניין —

— עס איז דאָך מונדירן, אַקסלבענדער, שליפעס, טרעסטן, געווער!

— געוויס — נאָר אָן סאָלדאַטן... איידער עס ווערט בלוט פאַר־
פאַרגאָסן איז דאָס מיליטער קיין מיליטער נישט.
גיט זיך דער עולם אַ ריר און עס ווערט אַ מהומה, אַ געליאַרעם:
— בלוט זאָל פאַרגאָסן ווערן, בלוט! אַבי נישט גענעצן... שיסט,
שטעכט, קעפּט...
— וועמען? — פרעגט דער אָבערגענעראַל —
— אונדז, אַלע — אַבי נישט גענעצן! אַבי נישט גענעצן!
פאָלקס־ווילן איז גאָטס ווילן —
— יאָ, — דערמאָנט זיך דער גלח) — נאָך געוועזן גוטע זאַכן:
מעשות פון בת־מלכה'ס... מיידלעך מיט אונטערשטע באַוועגלעכע ברע־
מען —
זיין שטימע אָבער ווערט פאַרטרונקען אין געשיסעריי!
— ווייטער, — רוף איך צום קוטשער מיט שרעק —
און פּלוצלינג כאַפּט מיך אָן אַ ווילדע תאווה בלוט צו פאַרגיסן...
איך כאַפּ מאַדאַם פראָש און ווערג, און ווערג, און ווערג...
— דאָרט, וווּ דער צעדער! —
וועקט מיך אַ שפּיל־קאַסטן פון הויף. —

---

# דער פּרוש מיטן בער



מאָל איז געווען אַ ייד, וואָס האָט נישט געקענט פאַרטראָגן קיין עוולות. איז ער געגאַנגען און האָט איבערגעגעבן דעם ווייב דאָס קלייטל, וואָס ער האָט געהאַט, און איז געוואָרן אַ היים־זיצער, און איז געזעסן פאַרמאַכט אין שטוב על התורה ועל העבודה, הן אין נגלה, הן אין נסתר...

האָט ער, אַפּנים, אינדערהיים, צווישן אייגענעם הויז־געזינד, אויך עוולות געזען, האָט ער זיך מיישב געווען און איז געוואָרן אַ פּרוש — פאַרלאָזט די היים און געזעצט זיך לערנען אין קלויז. זיצט ער אין קלויז.

יאָגן אים אָבער די עוולות נאָך און קומען צו אים אין קלויז אַריין. אפילו ביינאַכט קומט אַריין זיך אָנוואַרעמען אַ נאַכט־וועכטער, אַן אורח קומט שלאָפן, צי אַזוי — אַ ייד קען נישט שלאָפן און פאַרבלאָנדזשעט אין קלויז אַריין, זעצט מען זיך ביים אויוון און מען רעדט... און פון וואָס מען זאָל נישט רעדן, הערט אַלץ דער פּרוש עוולות און עוולות.

איז ער זיך ווייטער מיישב און פאַרלאָזט די שטאָט און לאָזט זיך אין דער וועלט אַריין, אויסזוכן אַ שטאָט אָן עוולות; געפינט ער נישט: איין וועלט אומעטום.

פאַרלאָזט ער דעם גאַנצן ישוב. גייט ער וואַלד־אויס, וואַלד־איין, איבער בערג און טאָלן, ביז ער קומט צו צו אַ וואַסער. ווי דער טייך הייסט, האָט ער אפילו נישט געוווּסט. נאָר ביים טייך איז געשטאַנען אַ חורבה פון אַן אַלטן פּאַלאַץ, ווייט פון שטעט און דערפער, האָט ער זיך דאָרטן באַזעצט און אָנגעהויבן עוסק צו זיין אין קבלה.

פון עוולות קען מען אָבער נישט אַנטלויפן... פון צייט צו צייט צעלאָזט זיך דער טייך, קערט איבער שיפלעך, רייסט אָפּ פון דער יבשה שטיקער לאַנקעס מיט גראָז, שטיקער פאַרזייעטע פעלדער... און צווישן די פיש — אַן אייביק געשלאַגעריי! לאָזט עס אים נישט רוען, נישט שלאָפן און אַנטלויפן האָט ער שוין נישט ווו אַהין...

ליגט ער אזוי און טראכט, און טראכט: ער וויל דערגיין, פונוואנען עס נעמען זיך גאָר אינגאנצן די עוולות!

פאַלט אים איין, אַז די עוולות קומען דערפון, וואָס די נשמה פון דער וועלט איז איינגעשלאָפן... און עס איז נישט אַזוי ווילד, ווי עס דאכט זיך.

למשל: דער עולם־קטן — א מענטש. כל־זמן די נשמה איז וואך, טוט ער, וואָס עס טויג אים, פּלאַנמעסיק, על־פּי שכל, אלע אברים פאָלגן די נשמה. שלאָפט אָבער א מענטש איין, די נשמה — דער מושל איבערן גוף, דרימלט איין, הייבט אָן דער גוף צו ווארפן זיך אָן סדר, אָן א ציל און יעדעם איבער פאַר זיך, איין האנט אהין, די אנדערע אהער, דער קאָפּ באזונדער, דאָס לייב באזונדער — אָן שכל... און מען קאָן געשעדיקט ווערן...

עוולות זענען אָן שכל... די וועלט ווארפט זיך, צאפּלט אָן א סדר; און די נשמה פון דער וועלט איז איינגעשלאָפן, און יעדעס שטיק וועלט טוט זיך זיינס, נישט לטובת הכלל...

איר פארשטייט? יאָ צי ניין, אזא געדאנק האָט ער געהאט.

קומט ער צו דער דעה, אז איין פּלאַן איז פאראן: די נשמה פון דער וועלט צו וועקן. כאפּט זי זיך אויף — וועט ווערן א סדר, וועט אויפהערן דאָס צאפּלען, דאָס רייסן זיך, דאָס שלאָגן זיך צווישן די אברים פון דער וועלט...

ווי אזוי אָבער וועקט מען די נשמה פון דער וועלט?

אויף דעם זענען פאראן עצות אין די הייליקע ספרים...

מען דארף טון וואָס מען דארף, זאָגן וואָס מען דארף.

דערצו דארף מען אָבער כוונה, מען מוז זיך אָפּגעבן דערצו מיטן גאנצן הארץ, מיט מסירת־נפש, אז נישט צעפליען זיך די ווערטער אין אוויר און גאָרנישט...

עס מוז באשאפן ווערן אזוינס, וואָס האָט פליגל צו פליען און — א נשמה, וואָס ווייסט ווו אהין צו פליען און וואָס דאָרט צו פארלאנגען, בידוע...

מילא, בייטאָג איז נישט מעגלעך. עס לאָזט זיך טיף אריין אין דער מחשבה — גיט ערגעץ א קראָ א געשריי, א פויגל — א זינג, ערגעץ פון ווייט הערט זיך א קללה פון א פויער ביים אקער אויף דער הארטער ערד, וואָס איז אים פּוגם דאָס אייזן — נאָר ביינאכט, אמבעסטן צו חצות...

טוט ער אזוי...

און ער פילט, עס גייט! נאָך א נאכט, נאָך א נאכט, נאָך א נאכט...

ווערט אָבער געוואָר דערפון דער בייזער שר פון טייך. זאָגט ער: לא! עס וועט נישט שטיל זיין! און קוים לאָזט זיך דער פרוש טיפער אין די כוונות אריין, גיט זיך דער שר פון טייך א וואָרף, הייבט דער טייך אָן צו זידן און צו רוישן און צו שלאָגן פאַליעס און צו רייסן די ברעגעס, עס ווערט א מהומה און דער פרוש פאַלט ארויס פון דער מחשבה, ווי אונטן דער שיפער פון שיפל...

זעט דער פרוש, אז ער האָט קיין אַנדער עצה נישט, נאָר אָפּצורוקן דעם טייך מיטן בייזן שר... דען אַליין אוועקגיין און זוכן א חורבה נישט ביי קיין וואסער, ווילט זיך אים נישט, ווער ווייסט, ווי לאַנג ער וועט זוכן, און צי ער וועט געפינען, און דערווייל וואקסן די עוולות און מאכן חרוב די וועלט...

מילא, אוועקצורוקן דעם טייך איז ביי אים א קלייניקייט, ער האָט א שם דערויף... האַלט ער עקסטרא א תענית און נאָכן תענית איז ער זיך פלוצלינג מתכוון צום שם און דער טייך רוקט זיך.

דער שר ווערט אש־להבה — נאָר פאַרפאַלן, דער שם איז אָפּגע־זאָגט, נוקם זיין וויל ער זיך אָבער, צערודערט ער שטאַרקער דעם טייך, עס ווערן גרויסע פאַליעס, כאַפּט ער איין פאַליע און וואַרפט ארויס אויף דער יבשה, צו דער חורבה צו, ווערט אויף דער יבשה פון דער פאַליע א בער, א שוואַרצער צוויטיקער בער, לויפט ער מיט פייערדיקע אויגן אַרום חורבה און ווען דער פרוש וויל האָבן כוונה, הייבט ער אָן ברומען און ברילן און וואַרפן זיך, אז דער פרוש פאַלט ווייטער פון דער מחשבה...

וואָס בלייבט אים, דעם פרוש, צו טון?

ער וועט דאָך נישט הרגענען דעם בער! אָנהייבן מיט אן עוולה? דען באמת, וואָס איז דער בער שולדיק? ער לעבט, זאָל ער לעבן!

פאַלט אים, דעם פרוש, איין, דעם בער רואיק צו מאכן. מאכן א לייט פון בער! זאָל ער, כאָטש א בער, וויסן וועגן וואָס עס גייט. ער וועט דערהייבן דעם בער, מתקן זיין און הויכן זיין נשמה — —

נעמט דער פרוש און גייט איינמאָל אינדערפרי ארויף אויף א שפּיץ־חורבה, שטעלט זיך און קוקט אראָפּ אויפן בער.

דערזעט'ן דער בער פון אונטן, ווערט ער מלא־חימה, הייבט ער אָן רייסן מיט די פעדערשטע פיס די ערד, און ברומען, און ברילן, און שפּרינגט אונטער מיט א שוימענדיק מויל און בלוטיק־פלאַמענדיקע אויגן.

מיט גרימצאָרן קוקט דער בער ארויף צום פרוש, מיט רחמנות אָבער און ליבשאַפט קוקט דער פרוש אראָפּ צום בער און עס ווערט א

מלחמה צווישן ביידע פּאָר אויגן, צווישן די אויגן מיט ליבשאַפט און רחמנות און די אויגן מיט האַס און גרימצאָרן.

זענען אָבער דעם פּרושס אויגן שטאַרקער און הייבן אָן גובר זיין די אויגן פון בער.

לאַנג, לאַנג האָט געדויערט די מלחמה, צווישן צוויי פּאָר אויגן, צווישן צוויי הערצער און צוויי נשמות...

אָבער אַז די זון האָט זיך געהייבט אין מזרח־זייט איז שוין שטיל געוואָרן. דער בער — אַז די זון איז געקומען אין מיט הימל אַריין, איז ער שוין פאַר דער חורבה אויף אַלע פיר געלעגן, ווי אַן אונטערטעניקער הונט, און אַז די זון איז אונטערגעגאַנגען, האָט זיך דער בער שטיל אויפגעהויבן, אַרויפגעשיקט צום פּרוש אַ בליק מיט בקשה ותחנונים און איז צוגעגאַנגען צום טויער און האָט שטיל אָנגעקלאַפּט, און „געסקאָמליעט", ווי אַ הונט, מען זאָל אים עפענען...

דער פּרוש האָט גובר געווען, אונטערגעגעבן האָט זיך דער ווילדער צויטיקער בער, זיין הינטיש „סקאָמליען" באַטייט: לאָז מיך צו דיר, ווי אַ הונט וועל איך דיר דינען, צו דיינע פיס ליגן, דיינע הענט לעקן, דיר געטריי אין די אויגן קוקן און טרעפן דיין פאַרלאַנג, און אַז דו וועסט דיך פאַרטראַכטן, וועל איך ליגן ציכטיק און שטיל, אַפילו קיין פליג נישט כאַפּן —

און דער פּרוש האָט אים געעפנט, און דער בער איז אַרויפגעגאַנגען צום פּרוש און האָט זיך געלייגט שטיל צו זיינע פיס, און זיינע אויגן האָבן געזאָגט:

— דו ביסט מיין גאָט... איך האָף צו דיר, איך גלויב אָן דיר... דיינע געדאַנקען זענען הייליק, מיט דיינע כוונות וועסטו וועלטן איבערבויען...

און דער פּרוש גלעט מיט ליבשאַפט דעם בער, זיין היימיש געמאַכטן בער, דעם בער, וואָס גלייבט אין אים — און פאַרטראַכט זיך און וויל זיך אַריינלאָזן אין זיינע מחשבות, זיך מתכוון זיין צו דעם, וואָס מען דאַרף, אויפצוּוועקן די נשמה פון דער וועלט...

ער האָט אָבער שוין נישט געהאַט פון וואָס צו טראַכטן...

ער אַליין האָט שוין די גאַנצע פריערדיקע נשמה נישט געהאַט...

מיט וויפל דער בער איז אַרויף צו אים, מיט אַזוי פיל איז ער אַראָפּ צום בער...

און ער דערפילט אַ מידיקייט אין אַלע גלידער, די ברעמען פאַלן

אים איבער די אויגן און ער הייבט זיך אויף און גייט וואקלענדיק צום געלעגער —

דער בער גייט אים נאָך, לייגט זיך נאָנט ביים געלעגער —

עס וועלן קיין עוולות נישט אויפהערן. דער בער איז געוואָרן א שטיק מענטש און דער מענטש — א שטיק בער —

און דער פּרוש, וואָס שלאָפט שוין צוזאמען מיטן בער, וועט די נשמה פון דער וועלט נישט וועקן. —

# די אַכטע אָפּטיילונג אין גיהנום



— — — — — — — — — — — —

יד, פאַרמאַטערט ליג איך אויף מיין געלעגער און וויל זיך דער־מאנען, ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט:

אויף אַ פאַרזאַמלונג בין איך געווען, אַ רעדע געהאַלטן.

פלאַם־פייער האָב איך געשיט! מיט פיילן געשאָסן... ווי מיט אַ בלויזן, שאַרפן שווערד האָט איך דעם עולם געפּאַכט!

און איך רעד, און איך הער מיך צו צו מיינע רייד; און האָב נחת פון זיי! איך בין דער העלד, האַלט מלחמה פאַר אַלע, וואָס איז שיין און גוט. איך בין דער קעמפער פאַר פרייהייט און פאַר אַלע גוטע, זיסע און שיינע זאַכן, וואָס דערוואַרטן אונז אין דער ווייטער צוקונפט, וואָס קומט דאָך אַלץ נענטער און נענטער צו אונז!

און איך רייס אַרונטער די מאַסקע פונעם שקר און שטעל אים צום שאַנד־זייל; איך רייס פון אים אַראָפּ די קליידער פון לייב, און שטעל אים בלויז — פול קרעץ און ווונדן...

מיטאַמאָל דאָך בין איך פאַרשווייגן געוואָרן!

די קראַפט איז אָפּגעשוואַכט, דאָס פייער אויסגעלאָשן, און די צונג אין מויל איז אַ שטיק בליי געוואָרן.

וואָס איז מיר אַזוינס געשען?

רעדנדיק, האָב איך נישט ווילנדיק די אויגן אויפגעהויבן, און אַנט־קעגן מיר איז אַ שפּיגל געהאָנגען, און איך האָב מיך דערזען, מיינע אויגן דערזען: אַ שלעכטער גלאַנץ ברענט אין זיי, אַ מאָדנע פייערל. גאָר נישט מיינע אויגן! און דאָך באַקאַנט זענען זיי מיר. אַמאָל האָב איך אַזעלכע אויגן געזען.

ערשט איצט דערמאָן איך זיך, ווען.

אין אַ קאַזאַרמע האָט מען אַ זעלנער געשמיסן. זיינע ברידער, די סאָלדאַטן, וואָס האָבן די שמיץ געגעבן, האָבן אַזעלכע אויגן געהאַט, און

די אויגן האָבן געזאָגט: היינט שמייסן מ י ר דיך, מאָרגן וועסטו א ו נ ד ז שמייסן — און מיר שמייסן שוין פאַר מאָרגן אויך!

אין שפּיגל האָב איך מיך דערזען! נישט ווי א צוקונפט־העלד האָב איך אויסגעזען, נאָר ווי א געשמיסענער, וואָס שמייסט!

פארשוויגן בין איך געוואָרן... און די צוהערער? זיי האָבן פריי אויפגעאָטעמט; זיי איז אראָפּ א שטיין פון הארץ.

אזוי ווי די בהמות אין פעלד נאָך א שרעקלעכן האָגל האָבן זיי זיך געפילט! ווי קינדער, וואָס זיצן אין דער פינצטער, אז מען ברענגט זיי פּלוצלינג א ליכט אריין! ווי הינקעדיקע, וואָס שטייען אומבאהאָלפענע אָנגעשפּאַרט אָן וואַנט, אז מען דערלאַנגט זיי די קוליעס, וואָס זיי האָבן אראָפּגעלאָזט און קענען זיך פריי באַוועגן.

און א יונגערמאַן כאַפּט אָן זיין פרײַלן ביי דער האַנט און פרעגט: „דערלויבט איצט? דערלויבט?” און זי שאָקלט מיט איר שיינעם קאָפּ און ענטפערט מיט א זיסן שמייכל: דערלויבט! דערלויבט!”

און איך בין פון דער אסיפה אנטלאָפן.

---

מיד און צעבראָכן ליג איך אויף מיין געלעגער. די לבנה שווימט און קוקט צו מיר אין פענצטער אריין.

דער שיין פון דער לבנה, זאָגט מען, איז מסוגל צו חשבון־הנפש, צום אריינקוקן אין זיך אליין... איך שפּיי דערויף! קען איך נישט אויף דער לבנה, שפּיי איך אויף דער סטעליע...

אָבער וואָס איז דאָס?

צוויי אויגן שווימען ארויס פון דער וואַנט און קוקן.

א כישוף־מאַכערן די לבנה! איינס פון אירע קונצן...

אָבער וועמעס אויגן זענען דאָס?

זענען דאָס די אויגן פון די זעלנער, וואָס שמייסן זייערע ברידער, אָדער די אויגן פון די, וואָס פלעגן מיך אָפּהאַלטן אויפן וועג פון איין מיראַזש צום צווייטן און פרעגן: ווילסט נישט א גלאָז וואַסער?

און די אויגן קוקן אויף מיר נישט מיט כעס און נישט מיט קיין באַזונדערן חן. ארום זיי באַוועגט זיך א ווייס, בלייך פּנים, אָט שווימען נאָך ארויס א באָרד און פּאות ווי שניי, א ספּאָדיקל... ענדלעך א גאַנצער קאָפּ...

— ווער זייט איר, רב ייד?

הערט ער נישט.

— ווער זייט איר, אַלטער?

באַוועגט זיך דער שאָטן און ענטפערט:

—איך? איך בין דער „שבט־מוסר”!

געפעלט מיר דער וויץ. גיי איך איין אויף דעם לבנה־שפּאַס און זאָג:

— שלום־עליכם אייך, „שבט־מוסר”!

ענטפערט ער מיר: „עליכם־שלום”, ווי דער שטייגער איז, און רירט זיך און גייט נענטער צו צו מיר — —

אַ קלייניקער איז ער, דער „שבט־מוסר”, אָבער אַ גלייכער. איינפאַכע מאַניערן, אין די אויגן — תמימות... נאָר קוקן קוקן זיי גלייך און זיכער, גלייך עס וואָלטן אויף דער וועלט קיין ספקות נישט געווען; גלייך אַלץ, וואָס מען זעט, איז אַזוי איינפאַך און זיכער... און זיין קול איז איינפאַך קלאָר, אָן פאַרב, אָן אַ ציטער. וואָרט פאַר וואָרט שיט זיך אים פון מויל, ווי זאַמד, יעדעס וואָרט האָט זיין ממשות...

— דאָס האָט איר דאָך דאָס גיהנום באַשריבן?

— איך!

— און איר האָט'ס ריכטיק באַשריבן? נישט צוגעלייגט, נישט אראָפּגענומען? איר מוזט דאָך איצט וויסן, מיט אייגענע אויגן געזען!

ער באַליידיקט זיך נישט, און ענטפערט אויסמיידנדיק:

— איך האָב אים אויך ביים לעבן געזען.

— ביים לעבן?

— געווים... אין חלום...

— און עס איז ווירקלעך אַזוי ווי איר האָט עס אויסגעמאָלט, ווי איר האָט עס אין חלום געזען?

— עס איז גרעסער געוואָרן... מען האָט צוגעגעבן אַן אכטע אָפּטיילונג...

—נאָך וואָס? פאַר וועמען?

— ווילסט וויסן?

---

— די אכטע אָפּטיילונג, — דערציילט דער „שבט־מוסר” — איז פאַר דיר און פאַר דיין גלייכן צוגעקומען; פאַר אַלע נ י ע זינדיקע, פאַר די „מאָדערנע” ווי איר רופט אייך...

— וואָס איז דער אונטערשיד?

— הער: אמאָל איז צווישן גוף און דער נשמה אַ שטענדיקע מלחמה געווען. די נשמה, אַ טייל פון זיין ליבן נאָמען, האָט זיך אַלץ צום הימל

געריסן, ארויף, ארויף צו דער הייך האָט זי אַלץ געוואָלט; און דער גוף, דער שמוציקער גוף, די „טפה סרוחה", האָט אַלץ געצויגן אראָפּ, אראָפּ, זינקען האָט זיך אים געוואָלט, זינקען אין שמוץ און אין מיאוסקייט... האָט מנצח געווען די נשמה — מה טוב! האָט אָבער גובר געווען דער גוף? נו, האָט דער גוף זיין פּסק געקריגן. ע ר האָט דאָך געזינדיקט!

מיט וואָס קען מען שטראָפן א גוף? מיט הייסער, ברענענדיקער סמאָלע, מיט פייער, מיט וואסער, מיט שלאַנגען, מיט עגדישן און מיט אַלערליי קאַטאָרזשנע ארבעט אין מדבר, אין וואַלד, אין חורבות פון הייזער, וכדומה.

דערצו האָט מען די אַלטע „שבעה מדורי גיהנום" באשאפן, זיבן אָפּטיילונגען, און יעדער פלעגט אין זיין אָפּטיילונג איבערקומען זיין פּסק און זיין צייט.

היינט אָבער זענען אנדערע צייטן געוואָרן און — אנדערע זינד...

די נשמות מאַכן א בונט... די נשמות רעוואָלטירן! די נשמות האַלטן מלחמה מיט אַלע זיבן הימלען, מיט גאָט און זיין נאַטור... אַלץ דארף בעסער זיין, אַלץ ווילן זיי איבערמאַכן און מיטן קאָפּ אראָפּ איבער־קערן!

נישט קערפּערס זינדיקן איצט, נאָר די נשמות! אומגעדולדיק שטויסט אים צום קץ, פאַר דער צייט אראָפּברענגען משיחן, די אויגן קריכן אייך ארויס! און איר ווירטשאַפט, גליך עס וואָלט אייער וועלט געווען, און איר קאָמאַנדעוועט, גליך די מענטשהייט וואָלט אייער פּארקויפט מיליטער געווען... פאַר אייך איז אין די שבעה מדורי גיהנום קיין פּלאַץ נ י ש ט געווען.

---

— און אין דער אכטער אָפּטיילונג איז קיין ברענענדיקע סמאָלע נישטאָ?

— ניין.

— און קיין פייער און קיין וואסער?

— נישט...

—און שמייסן שמייסט מען אויך נישט?

— קיין זכר פון ריטער!

— און עסן און טרינקען און שלאָפן קען מען דאָרט?

— אפילו ל ע ז ן און ש ר י י ב ן און ארויסגעבן...

— מיט וואָס דען שטראָפט מען?

— זע, פון מערב־זייט ציט זיך אַ שווערער וואָלקן. צו דער לבנה שווימט ער, דעקט ער זי צו, פאַרשווינד איך; נאָר אין איר ליכט קאָנסטו מיך זען... פויל רוקט זיך דאָך דער וואָלקן. וואָס איך וועל קענען, וועל איך דיר איבערגעבן, אײלן דאָך מוז איך מיך... הער!...

---

מען נעמט, צ. ב. אַ מענטש, וואָס האָט, ווי דו, קיין צייט נישט געהאַט, און מען שטעלט אים אַ נאַקעטן פאַר אַ באַרג מיט שניי. שטייט ער. ער שטייט און באַלד פאַלט אים איין, מען דאַרף דעם שניי צוצעלאָזן און דערפון וואַסער מאַכן, ווערט דערפון אַ שטימונג, אַזוי רופט איר דאָך עס? און פון דער שטימונג אַ פאַרלאַנגען, פון פאַרלאַנגען אַ לײדנ־שאַפט: ער מ ו ז! און ער לויפט צו צום שניי־באַרג, און וואַרעמט אים מיטן ליב, ער נעמט אים אַרום, באַהעפט זיך אין אים, עטעמט אַריין מיט היץ, שפּאַרט זיך אין אים אַריין מיט לייב און לעבן.

— דער שניי מוז צעגיין... וואַסער מוז זיין, וואַסער פליסט, וואַסער איז באַוועגונג, וואַסער איז גליק.

— און שדים טרייבן אונטער?

— נאָך וואָס? די תאווה טרייבט בעסער! און ער שניידט זיך אַריין אינעם שניי אַלץ טיפער און טיפער, און פון וואַנען ער רוקט זיך אָפּ, ווערט צוריק געפרוירן און ער אַרבעט אַרומגערינגלט מיט שניי, און שניי־באַרג אין דער פינצטער, וואָס צעפלאָסן ווערט געפרוירן...

— און?

— און ער מאַכט פון שניי — אייז! ז

— שרעקלעך!

---

און אַן אַנדערן נעמט מען און מען שטעלט איינעם אַליין אין אַ פעלד, אויף אַ האַרט ליימיק פעלד.

איבערן קאָפּ — אַ וווּנדערבאַר שיינער הימל, אָן אַ לייכט וואָלקנדל, ריין, אָבער פאַר דאָס, אויך ריין פון זון, לבנה און שטערן... וואָרן — איז דען אַ הימל פאַראַן? עפּעס אַ בלאָ ליילעך, אַ פּרוכת... וואָס נישט? טראַמפּלט ער אַרום אין ליים, איינער אַליין, ווי אין אַ מדבר... ער איז דאָך דער איינציקער, וואָס לעבט, פילט, טראַכט און דענקט!

פאַלט אָבער אויף אים אַן אומעט, ער וויל לעבן אַרום זיך... גע־פינט ער עס נישט, וועט ער עס מאַכן! ביים לעבן, האָט ער פאַר טויזנ־טער געליטן, פאַר צענדליקע טויזנטער געווירקט, פאַר צענער טויזנטער

געדענקט! זיין נשמה איז דאָך די נשמה פון מיליאָנען געווען! איז ער קיין באַשעפער נישט? קען ער נישט דאָס זעלבע וואָס גאָט? און שטויב נעמט ער פון דער ערד און ליים, און בלאָטע, און קנעט, און קנעט, און מאַכט — נאָר וואָס וויל ער דאָס מאַכן? פייגעלעך מאַכט ער, פייגעלעך מיט פליגל! דער מענטש, וואָס האָט קיין פליגל נישט, איז גאָרנישט... דער־נאָך וועט ער אָדלער מאַכן, דערווייל פייגל!

קנעט ער פייגל, צוערשט קליינע — אָבער מיט פליגלען מאַכט ער זיי, קנעט אוים און בלאָזט אַריין זיין אייגענע נשמה; ווערן זיי לע־בעדיק, די פייגעלעך, און ער פרייט זיך, און טאַנצט אונטער און רופט צו זיי: פליט, פליט, פייגעלעך מיינע, אַרויף אין דער הייך!

נאָר די פייגעלעך פליען נישט, אויף דער ערד היפּען זיי אַרום אין ליים, און זוכן אַ ווערעמל די הערצלעך אונטערצושפּאַרן... אָבער קיין ווערים זענען נישטאָ, צאַפּלען זיי און גייען אוים פאַר הונגער...

און טרעפט, אַז צוויי פּאָר פליגל הייבן זיך און פליען, איז עס אַן „ער" און אַ „זי" און זיי שפּילן זיך...

ער שרייט: „צום הימל! צום הימל!"

און זיי שפּילן...

כאַפּט ער שטיקער ליים און וואַרפט אויף זיי און טייט זיי, און קנעט און מאַכט אַנדערע פייגל...

און דאָס פעלד ווערט פול מיט פּגרים, מיט טויטע פייגל... אַרום און אַרום אים פּגרים, נאָר פּגרים — —

— אומגליקלעכער!

---

מען נעמט אויך אַ זינדיקן מענטשן און מען וואַרפט אים אַריין אין אַ גרוב פון הינט.

— פרעסן זיי אים אויף לעבעדיקערהייט?

— חס־ושלום! הונגעריק זענען זיי, די כלבים, נאָר אים עסן זיי נישט — ער איז דאָך זייער פריינט, ער רעדט דאָך צו זיי, צו די הונגע־ריקע הינט! אַ פּראָפעט פאַר הינט איז ער!

צוערשט רעדט ער צו זיי הינטיש, אויף זייער שפּראַך, און אַז זיי הייבן אים אָן צו פאַרשטיין — וואַרפט ער אַריין עטלעכע מענטשלעכע ווערטער! וואָס אַמאָל מער, וואָס אַמאָל מער...

און אַזוי שטייט ער און רעדט, און נעמט פון זיי קיין אויג נישט אַראָפּ, און מיט אויגן צויבערט ער זיי, האַלט די הינטישע נשמות איין!

אַלץ איז אנטוויקלונג! די סאָרטן פארענדערן זיך — פון הינט וועלן מענטשן זיין!

און אָט שטעלט זיך שוין א כלב אויף צוויי פיס און מיט די אנ־דערע צוויי פיס טאפּט ער ארום זיך. א צווייטער כלב נאָך, אָבער אינעם הינטישן בילן הערן זיך שוין גאנצע טענער, העכערע, מענטשלעכע...

און ע ר רעדט אַלץ; און מיט זיינע רייד און מיט זיינע אויגן גיסט ער אויס א וואונדערבארן צויבער אויף די כלבים. אָט שטייען זיי שוין אַלע גלייך ווי מענטשן... אָט הייבט שוין איינער פון זיי אויף א פּוס, ווי א האַנט, און ווייזט צום הימל!

און אין די אויגן פון יענעם הונט האָט עפּעס א בלישטש געטון, — א שאָטן פון ו ו י ל ן, פון זעלבסטבאוווסטזיין האָט זיך אין זיי באוויזן!

נאָך א ווייַלע און די אויגן פון אַלע הינט וועלן אויפשיינען, אויפ־פלאַמען וועט אין זיי דער וו י ל ן. אין דעם הונגער זייערן האָבן זיי דאָך פארגעסן; זיי האָבן דאָך פארגעסן, אַז זיי זענען הונגעריקע הינט; נאָך א ווייַלע און עס וועט זיך אין זיי דערוועקן דער גרויסער, דער וואונ־דערבארער געדאַנק —

און דאַן?

—עס וועט נישט געשען! א מלאך־חבלה ווארפט פּלוצלינג א ביין אין גרוב, די הונגעריקע הינט לאָזן זיך אראָפּ אויף אַלע פיר. בילן, רייסן זיך איבערן ביין... און ערשט, אַז דער ביין פארשווינדט, הייבט אָן דער נביא אויפסניי... און אזוי שטענדיק...

— גרויזאַם!

---

— גרויזאַם!

און איינעם האָב איך נעבן א הויכן באַרג געזען. אויפן שפּיץ באַרג שיינט א וואונדערבאר ליכט, ער שטייט אונטן פארבענקט, עס ציט אים ארויף, ארויף צום ליכט, צום צויבער־שיין, דאָרט איז זיין גליק... דאָרט אין דער הייך, וואו די לופט איז ריין, וואו דאָס שטראַלט און איידל־ווייס בליט...

— שטייגט ער?

— זי לאָזט נישט... מאכט ער א שריט צום שטייגן, עפנט זי אירע אויגן אויף און קוקט אויף אים. אויך אין אירע אויגן איז א צויבער־

שיין דאָ, אויך אין אירע אויגן איז א הימל דאָ, און זונען און שטערן און אלערליי זיסע שטראלן — —

— גייט ער צוריק!

— און דאן פארמאכט ער די אויגן... און אויף־און־אָפּ גייט ער, צווישן ליכט און ליכט, שטראל און שטראל...

— פאר וואָס נעמט ער זי נישט מיט?

— זי איז נישט זי...

דער וואָלקן איז נאָענט, נאָר פון אָדלער און שוויינען־פעטס וועל איך דיר דערציילן...

---

— און דאָס וואָס איז?

— א קלייניקייט! מאנכע פון אייערע נביאים, אייערע פּראָפעטן, ווערן אין אָדלער מגולגל, אין גרויסע אָדלער מיט ברייטע פליגלען, נאָר אין שוויינען־הויט געקליידט...

און די נביאים אייערע הייבן זיך אין דער לופטן; הויך, גאנץ הויך פליען זיי, דעם הימל ווילן זיי איינעמען, דעם כסא־הכבוד פארנעמען! אין דער הייך אָבער, אין דער טריקעניש, שפּאַלט זיך די שוויינען־הויט, און אז עס מאכן זיך זיי ווונדן און ס'הייבט אָן שטארק וויי צו טון, פאלן די אָדלער אראָפּ אין נאסע זומפּן אריין, ווו זיי ווייקן די הויט זייערע, ווו זיי היילן די שוויינען־הויט פון ווונדן...

און אזוי גייט עס ארויף און אראָפּ, ארויף און אראָפּ —

---

נאָר מיטאמאָל איז די לבנה פארשוואונדן און דער „שבט־מוסר" מיט איר.

אז איך בין אויפגעשטאנען און א ליכט אָנגעצונדן, האָב איך אויפן טיש א פּאָסט־קארטל געפונען:

—איר ווערט געבעטן צו קומען מאָרגן אויף א פארזאמלונג — — — איך האָב עס פארברענט.

---

# עולם־הבא



— ניין! מיר וועט איר נישט איינרעדן! די וועלט איז נאָך קיין וועלט נישט!

וואָס מיינט איר? עס צינדט זיך אָן א ליכט, עס ברענט העלער אָדער טונקעלער — לויט דעם חלב, לענגער אָדער קירצער — לויט דער לענג און די דיק — עס ברענט, צאַנקט און ווערט פאַר־לאָשן מיט א קלענערן אָדער א גרעסערן ריח — און שוין! דאָס איז עס אין גאַנצן?

איך — וואָלט אזא לעבן נישט באשאפן!

---

פרעגט א גימנאזיסט פון 5־טן קלאס, וואָס עס ווערט פון אַן אויס־געברענט ליכט! ער וועט אייך זאָגן, אז עס איז נישט צו נישט גע־וואָרן! ער וועט אייך אויסווייזן מיט אותות ומופתים, אז די נאַטור איז א ווירטשאַפט, וווּ עס ווערט גאָרנישט פאַרלוירן, קיין שטויב, קיין האָר...

„פון אויסגעברענטן ליכט ווערן גאזן; מען זעט זיי נישט, נאָר דאָ זענען זיי; זיי שוועבן ארום אין דער לופט".

א חלבן ליכטל פאַר א גראָשן ווערט אין דער נאַטור נישט פאַרלוירן, נאָר איך, איך מיט מיין שכל, מיין ווילן, מיין יושר, מיין צער, מיינע טרערן — איך וועל פאַרלוירן, פון מיר בלייבט גאָרנישט!

און זיי זאָגן, אז איך בין משוגע!

---

הייסט דאָס א וועלט?

יאָשע זייגערמאַכער איז קיין גרויסער מייסטער נישט, און דאָך וועט פון זיין שטוב נישט ארויסגיין א זייגערל, וואָס זאָל יעדער רגע וועלן צעזעצט, צעקלאַפּט און צעשפּרונגען ווערן; וואָס זאָל האָבן אין זיך אַן אייביקע, באַשטענדיקע מלחמה: איין רעדל זאָל רייבן, שלייפן און דריקן דאָס צווייטע, איין ציינדל זאָל צופּן, רייסן און בייסן דאָס אנדערע,

און די האָר, אָדער ווי ער זאָגט — די פּעדער, זאָל אַלץ ארומנעמען און שטיקן און ווארגן, עס זאָל קיינער קיין אָטעם נישט קענען כאַפּן!

צי האָט איר געזען אמאָל א דרעש־מאַשין, וואָס דרעשט זיך אליין? צעפּים, וואָס רייסן פון זיך אליין אָפּ די הויט?

ניין! דאָס איז קיין וועלט נישט! אן ערב־רב איז עס, א דול־הויז איז עס! געקוילעטע העגער לויפן ארום און כאַפּן קערנדלעך, דאָס בלוט רינט און זיי ווערגן זיך! א דול־הויז איז עס, א מבול דאַרף עס, — קאַלט, קאַלט וואסער!

---

און ווער וואָלט פאר אזא פינצטערע וועלט אזוי פיל ליכטיקע, גאָל־דענע שטערן באשאפן?

גלייך זי ווייסט דען, די פינצטערע ערד, וויפל שטערן זי האָט?

„מען קען נישט איבערציילן!" זאָגט זי...

וואָלט עס נאָר מטבעות געווען, זילבערנע, גאָלדענע מטבעות, וואָלטן שוין אלע, אלע געציילט, נישט ווי היינט, נאָר א מנין געלערנטע בטלנים, אלע וואָלטן געציילט און מען וואָלט שוין איבערגעציילט!

---

ניין, דאָ איז נאָך דאָס רעכטע לעבן נישט! דאָ לעבט מען דערווייל, אין ערב־רב, אָן אָרדענונג, אויסגעמישט: לייבן, טכוירן, בערן, ווערעם און פויגל, און אַל־די־שווארצע יאָר צוזאמען... עס טרעפט זיך א מענטש אויך...

נאָר — אז מען דערזעט אים, פּאַקט מען אים אין דול־הויז אריין...

---

עס איז געגוג אן אויג צו ווארפן אויף די ליכטיקע, קלאָרע, זאַנפטע, מילדע, ריינע שטערנדלעך, מען זאָל איינזען, אז דאָרט איז ערשט דאָס רעכטע לעבן... נאָר דאָס א מ ת ע לעבן, שטראַלט אזוי רואיק, אזוי זיכער!

און דאָרט לעבן די מינים באזונדער, יעדער שטערן האָט זיין מין און דעריבער שטראַלן זיי מיט שלום, מיט עולם־הבא!

דאָרט הערט מען נישט אַלץ־אין־איינעם: „מיין טויט אָדער דיין טויט!"

אויב א שטערן ציטערט אין הימל, איז עס פאר רחמנות אויף אונדזער פינצטערער ערד! אז איינער פון זיי טרעפט זי פלוצלינג אויפן וועג, דערשרעקט ער זיך און פאַלט... די זון קען נישט צוקוקן, ווי עס

לעבט זיך ביי אונדז, פאַרשטעלט זי זיך טיילמאָל דאָס פנים און עס ווערט ליקוי חמה... די לבנה איז נענטער, זי זעט בעסער! רייסט זי פון זיך פּאָסן, און מען מוז יעדן חודש מאכן א נייע לבנה!

---

„טויזנט אויגן האָט דער מלאך־המוות!

עס איז קיין וואונדער נישט, ער דאַרף די מינים סאָרטירן און יעדן שיקן אויף זיין שטערן ארויף; און דאָ איז א מאַסקאַראַד, א פּורים־שפּיל, סאַמע פאַרשטעלטע, עס איז קיינער נישט אין זיין אייגענער הויט!

אמערגסטן איז מיט די כל־בוניקעס!...

---

# כל־בו

„אמאָל — האָט מיר מיין באָבע, די אָרענדאַרקע, דערציילט — האָט זיך באַוויזן אַ כּל־בוניק". דאָס איז געווען ביים פּריץ אויפן הויף, ווו זי האָט די פּאַכט געהאַלטן, דעריבער ווייס זי די מעשה. —

פון וואַנען ער האָט זיך גענומען? ווייסט מען נישט.

איינער האָט געזאָגט, אַז זיין מוטער איז אַ בעקערן געווען און האָט אויסגעקראַצט פון אַלע מולטערס — אַ וויסקראַבעק, רחמנא ליצלן!

אַנדערע דערציילן אַנדערש: אויפן הויף אונטער דער שאָפּע איז אַ קעסטל געשטאַנען, ווו אַלע פון הויף האָבן וואַסער געגאָסן — הינט אויך! דערפון איז אַרויס אַ שוואָם... נישט קיין הונט־שוואָם, נאָר אַ שוואָם „מכל המינים שהוא"...

דערנאָך האָט זיך עפּעס אַ ווינטל געמאַכט, די שוואָם האָט זיך אָפּ־געריסן, אַוועקגעקאַלערט און האָט זיך שפּעטער אויפגעהויבן, אַלס אַ לע־בעדיקער כּל־בוניק...

סיי ווי סיי קומט ער אַרויס פון פּריצס הויף!

און אַ וואונדערלעך חיהלע איז דער כּל־בוניק געווען!

אַן ביינער, פון סאַמע ווייך פלייש, און דאָס קעפּל האָט זיך לויז גע־דרייט אויפן האַלדז, ווי אויף אַ גוט געשמירט שרייפל! ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און מיטן קעפּל געדרייט קיין מזרח, קיין מערב, קיין צפון, קיין דרום — ווו איר ווילט נאָר אַליין! און וויל ער האָט יעדן צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ, האָט ער מיט אַלע בשלום געלעבט, און פון קיינעם — און מיט קיינעם גלייך — נישט געליטן!

עס שלאָגן זיך צוויי הענער; איינער שרייט: קוקעריקו, דער צווייטער וויל דווקא: קיקעריקי! דער כּל־בו מישט זיך נישט אריין. נאָר, אַז דער הויף איז שוין באַדעקט מיט פּעדערן, און די הענער צעפּאַלן זיך אַן כּוח, גייט ער צו און זאָגט: איר האָט ביידע רעכט: דער „באור" זאָגט: „קיקעריקי"! און די שבעים־זקנים: „קוקעריקו"!, און ביידע הענער בלייבן זיך שונאים און אים גוטע פריינט!

עס איז קיין שטילער הויף נישט געווען... דער הונט האָט געביסן דעם חזיר ביים אויער, די קאַץ האָט געשפּיגן אויפן הונט, און אַן אָדלער מיט אַן אונטערגעשאָסענעם פליגל איז ארומגעגאנגען און אלע געוואָרפן אין זיבעטן שוויים אריין; נאָר דער כל־בוניק האָט זיך מיט אלע געחברט: ער האָט זיך געהאלטן, אמאָל ביים רעכטן, אמאָל ביים לינקן אויער און דער חזיר האָט געמיינט, אז ער איז אויך א געביסענער! דעם הונט האָט ער איינגערוימט: „בררר... סאמע גנבים, אַן ערלעכער מאַן ביזט ד ו !" דערנאָך איז ער אַרויפגעשפּרונגען אויפן צוים און געוואַשן זיך מיט דער קאַץ צוזאַמען פאַרן רעגן...

פלוצלינג גאָר האָט ער דעם אָדלער דערזען! ער ציט אויף זיך א בענקשאַפט, אין אויג ווייזט זיך א טרער: נישט גוט, ברודער, דעם אונ־טערגעשאָסענעם! ער זיפצט און דער אָדלער מיינט, אז ער בענקט אויך נאָך די הויכע וואָלקנס, און גייט אַוועק מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, נאָר מיט א ווייך הארץ.. „אויך אַן אומגליקלעכער!"...

און אז קיינער זעט נישט, שפּרינגט ער גאָר אריין אין שטאַל צום קליינעם אייזעלע און רוימט אים איין: ווייסט, קאנט הויבט מיר אויך נישט אָן צו געפעלן!

---

און אויף דער וועלט פו!... פו...! — אויפן פּריצס הויף, מיין איך — איז אים גאָרנישט שלעכט געווען... ער האָט מיט אלע גוט געלעבט, מיט אלע זיך געחברט, ביי יעדן עפּעס געכאַפּט...

יעדער האָט אים געדענקט א זכות פון א שאָקל אויף זיין זייט! און באַטש קיינער האָט אים נישט ליב געהאַט, האָבן אים אלע פארבעטן: ווער אויף פרישטיק, ווער אויף מיטיק — און ער האָט אלע מאכלים געגעסן.... און יעדערער האָט זיך אים געגריסט און דערביי זיך אין הארץ געוווּנדערט: פאַרוואָס האָב איך אים נישט גערן?

---

נאָר אייביק לעבט נישט קיינער, אפילו נישט קיין כל־בו! עס איז געקומען זיין צייט, און דער רוח האָט אים פאַרטראָגן אין א מדבר אריין, אויפן זאַמל־פּלאַץ, ווו די נשמות פון אלע חיות, בהמות ועופות נעמען זיך צוזאַמען, און דער מלאך המות סאָרטירט זיי, באַנדראָלירט און פאַר־שיקט אויף יענע וועלט.

ווען דער כל־בו איז אָנגעקומען, איז שוין די סטעפּ באַדעקט גע־ווען מיט אָפּגעטיילטע מחנות, וואָס האָבן איינס אויף די אנדערע גע־

קוקט צום לעצטן מאָל, און שאַרף באַטראַכט! זיי ווילן געדענקען אויף י ע נ ע ר וועלט, וואָס פאַר אַ מינים דאָ זענען געווען. די עופות זענען אומגעדולדיק געשטאַנען אויף איינציקע פיס; פון די אינדיקעס שניידט זיך אָפּ אַ בלוט־רויטע שאַרפע אויף אַ מייל; ווי דינע זילבערנע נעבל הוידען און וויגן זיך די טויבן אין דער לופט! שטאָלץ און ערנסט האַלטן זיך די אָדלער אין אַ זייט; אַ גאַנצע באַנדע אייזלען האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָגן מיט די קעפּ און קלערן, וואָס פאַר אַ דערנער עס קענען וואַקסן אויף יע־נער וועלט.

און דער מלאך־המוות האָט שוין גענומען דאָס פייפערל צום מויל, אַ צייכן צו געבן צום אַוועקפליען... ער האָט שוין אויפגעהויבן די הענט, יעדן צו ווייזן זיין וועג! נאָר ער האָט די האַנט אַראָפּגעלאָזט, דאָס פייפערל פאַרגעסן — ער האָט דעם כל־בו באַמערקט.

— ווער ביסטו? פרעגט דער מלאך־המוות, וואָס האָט נאָך אַזאַ בריאה נישט געזען.

כל־בו ש וו ײ ג ט ; ער ווייסט אַליין נישט, ווער ער איז!

טויזנט אויגן האָט דער מלאך־המוות, און מיט יעדן אויג זעט ער אינעם כל־בו אַן אַנדער באַשעפעניש.

— צי וועט זיך קיינער נישט דערקענען צום נייעם גאַסט? ווענדט ער זיך צו די אַלע מינים, וואָס זענען שוין אויסגעשטעלט גרייט צום פליען.

נאָר קיינער ענטפערט נישט, יעדער מין זעט אינעם כל־בו אַ קליין פּיצל זיינס, נאָר אַזוי פיל פרעמדס!

עס דויערט אַ ווײַלע און דער מלאך־המוות נעמט זיך צוריק צום פייפערל... ער וויל אַ צייכן געבן: זאָלן זיך די מינים פליען יעדער אין זיין וועג, זאָל דער כל־בו בלייבן אין סטעפּ!

דעמאָלט אָבער האָט דער כל־בו אַרויסגעלאָזט אַ שרעקלעך געוויין, אין וועלכן עס האָבן זיך געהערט אַלע יללות פון אַלע מינים חיות און עופות! ער איז צוגעפאַלן צום מלאך־המוות'ס קני און האָט אים די פיס געקושט!

— וויי לאָזטו מיך איבער, דו באַרהמערציקער מלאך!

דער מלאך־המוות ווערט גערירט פון זיינע טרערן, נאָר וו אָ ס צו טון ווייסט ער נישט!

— אויף יעדן שטערן — זאָגט ער דעם כל־בו — שטייט אַ מלאך ביים טויער און קוקט נאָך אַמאָל דורך דעם גאַנצן טראַנספּאָרט... מען וועט

דיך אין ערגעץ נישט אריינלאָזן; און קיין עקסטרא וועלט פאַר כל־בוני־קעס האָט נאָך גאָט נישט באַשאַפן...

— בארמהארציקער מלאך! דאָ בלייבן וו י ל איך נישט, ק ע ן איך נישט, איך געהער דאָך שטיקלעכווייז צו אַלע מינים, זאָל יעדער מין זיך צונעמען זיין חלק!

— ערלעך! זאָגט דער מלאך — דיין פּסק זאָל מקוים ווערן!

און, אַז יעדער מין האָט זיך אויסגעצופּט זיין חלק איז ביי יעדן מין אַ דין האָרל געבליבן, און ביים ערשטן ווינט האָבן זיך די האָר אָפּ־געריסן און געבליבן דערנאָך הענגען אין דער לופט...

---

מיט דער צייט האָבן זיך אויף דער וועלט די כל־בוניקעס געמערט, נאָר אַלע האָבן אַזאַ סוף.

און ענדע זומער, אויב דו זעסט שפּינוועבס הענגען אין דער לופט, זאָלסטו וויסן, אַז דאָס זענען כל־בו־האָר!

אַזוי האָט מיר מיין באָבע דערציילט...

---

# אַ ח ל ו ם



יר ווילט וויסן! פון וואנען איך קום אהער?

איך וועל אייך דערציילן; איך האָב קיין סודות נישט.

אמאָל בין איך גאָר א געזונטער געווען; אייגנטלעך פארקערט, איך האָב געליטן; נאָר אויפן מאָגן, אויף די פיס, אויף נאָך אַנדערע קרענק אין לייב, א נשמה אָבער האָב איך געהאט א געזונטע — זי האָט אַפילו פרי־מגדים פארדייעט; א מוח — אן אייזערנעם; א קליינינקייט! דעם פּאַרציוועך רבם אייניקל!

פאר מיין קעפּל האָט מען מיר אן אשה צנועה געגעבן — איר קענט זי אפשר? ביילע די שטריקן־מאכערן, א ווילע יידענע! נדן אויך, ווי דען? איך האָב ווייטער געלערנט, נאָר געהאנדלט אויך! יש מקום בראש... מיט איין זייט האָב איך געזופּט ש"ס ופּוסקים, מיט דער צווייטער „קאָנדיציעס" געמאַכט: מכלומרשט ווייץ געקויפט און אָפּגענומען געלט מיט פּראָצענט...

הכלל — איך בין געווען אי א למדן, אי א סוחר און האָב טאַקע מיט די קינדער גוטע שידוכים געטון... אויף אייך אזא יאָר!

עס גייט זיי אפילו נישט גוט די קינדער! נאָר איינגעטונקט אין יחום האָב איך זיי!

דעמאָלט האָב איך געדארפט חתונה מאַכן א טאָכטער, דער מחותן האָט דווקא געוואָלט באארעם געלט און איך בין געפאָרן מאָנען ביים פּריץ...

מאַכט זיך אן עסק, האָט דער פּריץ צו טון מיט סערוויטוטן, די פּויערן האָבן אים געוואָלט שלאָגן, רייצט ער אויף מ י ר אָן א הונט — אויך א יושר!

נאָר דערווייל מוז מען אנטלויפן.

איך לויף, לויף, לויף... און קום אין גאָרטן אריין... זאָל זיין אין גאָרטן, אַבי איך הער שוין נישט דעם כלבם בילן, עס פּעלט מיר א פיענטע פון זאָס, א שטיק פּאָלע, מיין דאגה, ביילע וועט צוגייען...

נאָר הונגעריק בין איך געווען, דאָס הארץ האָט אין מיר געחלשט.

און דאָ, זע איך, א גאָרטן, א גן־עדן! טרויבן ווי אין ארץ ישראל. עפּל — גאָלדענע, בארנעס — געשפּרענקלטע, גרויסע. דער זאפט, דאכט זיך, טריפט פון זיי אראָפּ. איך שטרעק אויס א האנט — רבונו של עולם! — די טרויב אנטלויפט, דער עפּל רוקט זיך אָפּ. די בארנע בויגט זיך אוועק אין א זייט...

און, הערט א מעשה, אלע ריידן.

— נישט דו — זאָגן זיי מיט א כעס — נישט דו האָסט אונדז געפלאנצט...

איך ווער בייז. מיר קומט פּראָצענט, א הונט האָט מיך געביסן, פאר שרעק ציטערן מיר נאָך די קני און פאר זיי איז נאָך ווייניק! איך מ ו ז דאָך עסן!

איך טאנץ און טאנץ ארום בוים; איך ווארף מיט די הענט, איך צאפּל, א פיבער ווארפט מיך פאר צאָרן, דער זיבעטער שוויים באדעקט מיך — און קיין איינציקע פּרוכט לאָזט זיך נישט כאפּן. זיי האָבן נאָך גאָר אָנגעהויבן צו זינגען ווי א חזן מיט משוררים:

נישט דו האָסט אונדז געזעצט,
נישט דו האָסט אונדז געפלאנצט...
נאָך אמאָל דאָס אייגענע:
נישט דו האָסט אונדז געזעצט,
נישט דו האָסט אונדז געפלאנצט!

הערסט אַ מעשה? און נישט איבערצושפּארן! דאָס גאנצע בלוט האָט אין מיר אויפגעקאָכט, און איך האָב מיך אזוי לאנג געוואָרפן און געוואָרפן, ביז איך בין אנידערגעפאלן אויף דער ערד מיט שוים אין מויל.

איך ליג און דערזע, נישט ווייט פון מיר א געלן קאפּעלוש, פּונקט אזוינעם ווי דער פריץ טראָגט, נאָר א קלענערן, ווי פאר א נפלע וועגן! איך כאפּ א ציטער! וואָס איז דאָס? אינמיטן דערמאָן איך מיך, אז מיין ווייב האָט אמאָל אזוינע קאפּעלושן אהיימגעבראכט און דערפון א וועטשערע געקאָכט, מיט קליסקעלעך... אהא! דערמאָן איך מיך, א שוואָם איז עס, ווי איך בין א ייד — א שוואָם, זאָל זיין רוּיערהייט!

אפשר אַ הונטס־שוואָם, אפשר סם?

ניין, אז גאָט וויל נישט, סמט מען זיך נישט; איך שטרעק אויס די האנט, נאָר די חצופה רוקט זיך אויך אָפּ מיט גאווה, זי טאנצט און היפּט אוועק אויפן דינעם שטעקעלע. „איך האָב דיך א סך געקאָסט?" פרעגט זי.

מילא, איך וועל דאָך נישט גיין טענהן מיט א חצופה. „וואקס אין דר׳ערד אריין!״ טראכט איך...

וואָס טוט מען? הונגער, ממש הונגער!

זאָל זיין גראָז! פאלט מיר איין, הלמאי אָדם הראשון האָט קיין פלייש נישט געגעסן! ער איז פרומער געווען פאר מיר און דאָך יוצא גע־ווען מיט „ירק עשב״! און איך ליג אויף הערלעך, אויף אמת געשמאַק גראָז, נאָר אביסל, טראכט איך, מיטן מויל אָנצוכאַפּן, אבי צו זיך צו קומען און פון גאָרטן ארויס; וועט עס מיר שאטן, וועט מיר מיין ביילע מאכן א „ווינער טרענקל״... א דאגה דאָס איז — האם! נאָר איך נעם אָן א פול מויל מיט קליינע שארפע שטיינדלעך: איך האָב מיר דאָס גאנצע מויל צעבלוטיקט און דאָס גראָז — „ואיננו״! איך ליג אויף א גאָל שטיקל ערד, כלחוך השור!

אָ, שלעכט! איך זע בחוש, אז דער פריץ איז א מכשף און זיין גאָרטן איז כישוף! א שווינדלער — א כישוף־מאַכער! ער האָט אפשר גאָר קיין גאָרטן, קיין פעלד, קיין וואַלד נישט; עס איז אינגאנצן נאָר א כישוף, אבי ביי אן ערלעכן ייד אן הלוואָהלע צו מאכן... פּראַצענט שרייבט ער צו, וואָס שאדט עס?!

און מיט א הארץ וואָס קלאפּט ווי ביי א גזלן, שפּרינג איך אויף, און לויף מיט די לעצטע כוחות פון גאָרטן ארויס.

אָט, בין איך אויפן פעלד...

אי — זאנגען ווי גאָלד, זיי שאָקלען זיך ווי ערלעכע יידן ביי שמונה־עשרה... זיי פארבעטן מיך: קום, ייד, מאך א ברכה; קום, פּארציוועד רבס אייניקל און בויג צו די כשרע ליפּן...

איך לויף צו מיט אן אָפן מויל, נאָר דאָס פעלד לאָזט ארויס א גע־לעכטער! און לאכנדיק זינגט עס, דאָס פויערשע פעלד זינגט:

ווו ביסטו געווען,
ווען דער פויער האָט געאקערט?
ווו ביסטו געווען,
ווען דער פויער האָט געזייעט?...

א רעכטע שיינע, ריינע כפּרה, ווי הייסט, ווו איך בין געווען? איך בין געזעסן און האָב געלערנט, תהלים געזאָגט, געדאווענט! מעשׂות פון זיידן, עליו השלום, פון פּאַרציוועד רב, דערציילט... א דאגה, וואָס א ייד טוט?

וואָס קומט אָבער ארויס, וואָס איך וויים דעם אמת, אז די זאנגען

זינגען און רוקן זיך אָפּ. איך פּרוּוו זיי שוין גאָרנישט יאָגן, איך ווייס שוין, וואָס כישוף באַדייט!

נאַר, ניין! נישט קשה, פאַר הונגער ווער איך דאָך נישט שטאַרבן! עטלעכע געוויקסן, זע איך, שטייען אין דערמיט און רירן זיך נישט פון אָרט; זיי ווייסן, אַז איך בין דעם פּאַרציוועס רבם איניקל, אַז איך זייץ און לערן, און, אַז דאָס הארץ איז מיר אוועק, איז א מצווה איך זאָל עפּעס טועם זיין. איך רוק מיך צו, זיי שטייען; נענטער — זיי רירן זיך נישט פון אָרט! האם! געוואַלט! עס ברענט, פייער האָב איך אין מויל, פייער, פייער! פּאָקשיווע איז עס געווען!

איך בין אנידערגעפּאַלן...

זכות אבות האָב איך געהאַט, אַז איך בין נישט געבליבן אויפן אָרט...

און אַז איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, בין איך געלעגן אין בעט, ביילע מיינע האָט געוויינט און אויפן קאָפּ האָט מיך געדריקט א זעקל אייז.

— ווו איז שרה? די כלה, ווו איז? פאלט מיר פּלוצלינג איין צו פרעגן.

מיין ביילע צעוויינט זיך ערשט אויף א קול:

— זי איז אוועק — זאָגט זי — עפּעס אין א פאבריק אריין. ארבעטן וויל זי...

וואָס קלערט איר?! גאָרנישט!

איך בין אנטשלאָפן געוואָרן און האָב מיך אויפגעכאַפּט שוין.

# אַ רופא, צי אַ חולה?



שפּיטאָל איז אַ וועלט פאַר זיך, אַן אָפּגעשלאָסענע וועלט, עס האָט נישט אַזוי פיל נפשות ווי אַן אנדערע מדינה, עס שפּאַלט זיך נישט אויף פעלקער מיט פאַרשידענע רעליגיאָנען און פּאָ־ליטישע סיסטעמען; עס האָט דאָך פאַרטייען. יעדע פּאַרטיי האָט איר קרענק, איר אָפּטיילונג, אירע וועכטער, אירע פעלדשער און דאָקטוירים וואָס געבן אכטונג, מען זאָל זיך נישט מישן, ווייל די קרענק זענען אָנ־שטעקנד, וויניקסטנס, פיל פון זיי.

און עס זענען פאַראַן אַפּוטרופּסים, וואָס היטן די אָרדענונג; תקנות אויף יעדן שריט און טריט, מיט אַ גאַנצן קאָדעקס, פול מיט עצות טובות און אַלערליי שטראָפן פאַר נישט הערן, נישט פאָלגן!... וואָרן טאָקע — טאָמער ווערט אַ משוגענער שווינדזיכטיקער און אַ שווינדזיכטיקער משוגע?

מאַנכע זענען נאָך נישט צופרידן פון דער אָרדענונג, באַזונדערע הייזער דאַרפן זיין, געמויערטע צוימען אַרום די הייזער, גריבער מיט אַנגעלאָזט וואַסער אַרום די צוימען... מען וואָלט עס געמאַכט, ווען עס זאָלן געגוגן דערויף די „נדרים ונדבות" וואָס מען נ ע מ ט ביי באַלעבאַטים. און דאָ ווערן זיי וואָס אַמאָל וויניקער די נדרים ונדבות, — שלעכטע צייטן.

און דעריבער טרעפט טאָקע, אַז אַ קראַנקער כאַפּט זיך אַריבער אין אַ פרעמדע פּאַלאַטע. דערפון קומען פאַרשידענע מגפות, רחמנא ליצלן.

ערשט נישט לאַנג איז דאָס גאַנצע שפּיטאָל אוועקגעפאַלן אויף אַ הונגער מגפה; פון אַלע בעטן, פון אַלע נומערן האָט זיך געהערט איין געשריי: ברויט, ברויט.

די ג ר ע ס ט ע אָרדענונג איז ד אָ ך ביי די משוגעים. מאַנכע האַלט מען אויף קייטן, אַנדערע נאָר אין באַזונדערע אָפּגעשלאָסענע נומערן.

נאָר די „שטילע" האַלט מען צוזאַמען, מען האָט אויף זיי אַן אויג, אַ שאַרף אויג, נאָר, מכלומרשט, פריי זענען זיי.

איך רייד פון די מענער, ביי די ווייבער בין איך נישט געווען.

און ווי קאמיש די מענער זענען... אז מען זאל אונדז — זאגן זיי — לאזן לעבן צוזאמען מיט די פרויען, וואלטן מיר זיך במשך פון א צוויי־דריי דורות אזוי געמערט, אז מיר וואלטן מער געווען פאר די מיושבע און מיר וואלטן זיי איינגעזעצט אין שפיטעלער. זיי מיינען עס גאנץ ערנסט.

אז מען לאזט זיי אמאל ארויס שפאצירן אין גארטן (א קליינע אלייע פון צוויי שורות ביימער) גייען זיי א פאר מאל אויף און אפ. דערנאך זעצן זיי זיך אויס א שורה ביי דער וואנט, וואס טיילט זיי אפ פון די ווייבער, און קלאפן מיט די שפיץ־פינגער אין וואנט אריין.

„לייב פילאזאף", וואס זאגט, אז צווישן מענער און פרויען איז דער אונטערשיד נאר אינעם נאמען, רעדט דאך אן דעם עולם, מען זאל קלאפן מיט די גאנצע הענט און איינווארפן די מויער.

יוחנן מלמד אבער ראט, מען זאל נישט נאכגעבן דעם יצר־הרע, מען זאלווארטן ביז ראש־השנה.

— און ראש השנה וואס וועט זיין?

ראש השנה וועט דער משוגענער עולם דאווענען, יוחנן מלמד — שופר בלאזן און עס קען זיך נאך אמאל טרעפן דער נס פון יריחו... „מיט איין תנאי — זאגט ער, — אויב מיין צרה איז דארט נישטא!?"

צוויי נאר האלטן זיך ווייט פון דער מויער, איינער גאזעמאן (זע ווייטער פארוואס ער הייסט אזוי) און יונהלע קדוש.

דער גאזעמאן האט קיין צייט נישט, ווי ער זאגט צו „שאלת נשים". און יונהלע קדוש, אז מען דערמאנט אן אשה, כאפט ער די פאלע און פאר־שטעלט זיך דאס פנים.

אן אויסנאם פאר אלע און אפילו פארן הייליקן יונהלע איז יענטע די קרעמערן, זי איז א מאנספארשוין לכל־הדעות; עס איז אפנים באלד א טעות געווען! א גראב קול, א באוואקסן פנים, כמעט א בארד, א שאר־פער בליק און אלע תנועות און העוויות פון א מאנספארשוין, זי האט גע־מעגט זיך אומעטום ווייזן! זי האט געפירט געשעפטן אין דער גאנצער מענער אפטיילונג, א גרויסן האנדל (פון וועלכן מיר וועלן נאך רעדן), און קיינעם פאלט נישט איין צו רעדן א ווארט!

יונהלע רעדט מיט איר פה אל פה און לאזט קיין ברעם נישט אראפ.

פאר דאס האט זי לייב פילוסוף פיינט...

לויב פילוסוף, וואס האלט עולם ומלואה פון ווייבער, וואס לאזט אויף זיי קיין שטויב נישט פאלן, קען אויף יענטל קרעמערן גלייכגילטיק נישט קוקן; אז ער דערזעט זי, שפייט ער אויס און נייט אוועק.

עס איז שוין לאנג באַמערקט געוואָרן, אַז נישט שטענדיק שטימען די געפילן מיט די איבערצייגונגען...

און איך לעב שוין דאָ אַ צייט צווישן עולם... אַז איך בלייב איינער אַליין, פאַל איך אַמאָל אַריין אין אַ ספק: אייגנטלעך וואָס בין איך: אַ דאָקטאָר צי אַ קראַנקער?

טײַלמאָל הייב איך גאָר אָן מסופק צו זײַן, צי דאָס גאַנצע „הקדש" מיטן פליגל פאַר משוגעים איז נישט קיין אויסגעטראַכטע מעשה? צי די הויכע ווענט, וואָס איך זע דורכן פענצטער, זענען נישט גלאַט אַ כישוף, אַן אויסגעטראַכטע זאַך? מען האָט אפשר דעם אינדיק נאָר אַרומגעקריידט?

און, ווייסט איר, אַז דער גאַנצער ספק הויבט מיר נישט אָן צו שטערן... איך עס, טרינק, אַרבעט, רו, שלאָף און טו אַלץ, גלייך איך וואָלט אין אַלעם זיכער געווען...

טײַלמאָל דאַך שרעקט עס מיך, איך טראַכט: וואָס, אַ מאַשין בין איך? מען האָט מיך אָנגעדרייט?

און אפשר, טראַכט איך גאָר, וואַלגערט זיך אין מיר אַרום אַ משוגענער אַלטער־זיידע און טוט מיט מײַנע הענט און פיס, גלייך עס וואָלטן זײַנע געווען, גלייך נישט איך, נאָר ער וואָלט געלעבט, גלייך עס איז זײַן צייט?

אויף דעם אַלעם האָב איך איין תירוץ: למאי נפקא מיניה?

און באמת, וואָס איז דער חילוק?

לייב פילוסוף זאָגט, אַז עס איז נישט פאַראַן גאָר קיין אמת און קיין שקר. אַ והא ראיה, זאָגט ער, עס איז אַזאַ בוים גאָר אין גן־עדן נישט געווען; נישט אָדם, נישט חוה האָבן קיינמאָל אַזאַ עפּל נישט פאַרזוכט. טוב ורע יאָ! און אויב זאָגט ער, עס איז נישט פאַראַן קיין אמת און קיין שקר, זענען קיין משוגעים אויך נישט פאַראַן! איי וואָס, זאָגט ער, גאָר־נישט!

אַזוי ווי, זאָגט ער, די גופים באַשטייען פון אַטאָמען, און די טבע פון גוף ווענדט זיך אין דעם, פון וויפל אַטאָמען ער איז צוזאַמענגעשטעלט, אויף וועלכן סדר די אַטאָמען ליגן... אַזוי זענען פאַראַן אַטאָמען פון געדאַנקען און געפילן... און די טבע פון יעדן געדאַנק און פון יעדן געפיל הענגט אָפּ נאָר דערפון, פון וויפל אַטאָמען זיי זענען צוזאַמענגעשטעלט — ווי אויך אין וואָס פאַר אַן אָרדענונג זיי ליגן איינער בײַם צווייטן... נישט מער!

עס איז פאַראַן פאַרשידענע מעטאַלן, פאַרשידענע געדאַנקען און

אלערליי געפילן; זיי קענען ווי די מעטאַלן זיין נוצלעך, אָדער שעדלעך, אָבער נישט אמת און נישט פאַלש... פּונקט ווי די מעטאַלן! צי וועט גאָלד זאָגן אויף זילבער, אַז עס איז אַ טעות? זילבער אויף קופּער צי אייזן: משוגע זייט איר, אָדער ליגנער?

דאָס קאָן נאָר אַ מענטש און נאָר — פאַר קנאה!...

מיר ווייטער קומט טיילמאָל פאָר, אַז די אַלע, וואָס מען האַלט זיי פאַר משוגעים, מער אָדער ווייניקער געפערלעכע משוגעים, זענען נאָר נייגעריקע מענטשן, וואָס האָבן זיך ליב אמאָל אַראָפּצוכאַפּן פון טראַקט, פון שאָסיי און זוכן אין אַ זייט נייע וועגן... בעסער צי ערגער אָבער זען מעג מען דאָך, פּרווון לוינט...

מאַנכע זענען גאָר פרייע פויגל, איבער די לופטן פליען זיי...

גאַנץ אָפט האָב איך הנאה, וואָס איך לעב צווישן די דרייסטע וועג־זוכער... ביי זיי איז ווייניקסטנס נישט אַזוי לאַנגווייליק...

---

# אַ שמועס מיט גאַזעמאַן



אַר מיר היטן זיי זיך נישט. דער באַהאַלטנסטער פון אַלע — גאַזעמאַן האָט אויך צו מיר צוטרויען.

עס פרייט מיך.

נעכטן צום ביישפּיל, קומט ער צו און אָן א שום הקדמה, דערציילט ער מיר פון גרויסן וויכוח, וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט אין בית־המדרש, מיט די גאָר גרויסע, וועלט־באַרימטע בטלנים: ראובן, שמעון, לוי און יהודה.

— וועלט בלייבט וועלט! — זאָגט ראובן — זי שטייט אויף אייזערנע זיילן און קופּערנע פונדאַמענטן.

— לאוו הכי! — זאָגט שמעון — זי שאָקלט און וואַקלט זיך ווי א שיכור... אויפן רוקן פון א משוגענעם פיש שטייט זי, דער פיש וואַרפט זיך און זי צאַפּלט! פון טייל בערג שפּריצט עס אפילו מיט פייער, אוודאי!

לוי האַלט זיך אין פּסוק: תולה ארץ על בלימה, די וועלט שטייט אויף נאָרנישט! אויף נ א ר נ י ש ט , אַקצענטירט ער מיט א נגינה.

און יהודה וואָס וויל ווערן רב און גרייט זיך צו צום עקזאַמען, הייסט מיליאָנען ־ מיליאַסן קליינע, פּיצעלעך אַטאָמען לויפן אַרויף און אַראָפּ און שלאָגן מיט כוח אויף יעדן פּינטעלע פון דער ערד און האַלטן זי אַזוי־ערנאָך אין „סאַמע ראָדנע" מיט; זי זאָל נישט חלילה אַרוים פון ראָד אַרום דער זון!

און איר, גאַזעמאַן, וואָס האָט געזאָגט?

— איך? פּשוט האָב איך זיי געזאָגט: וואָס גייען אייך אָן פונדאַמענטן, זיילן צי אַטאָמען, אַז די גאַנצע זאַך שטעקט אין גאַזן, וואָס די ערד האָט איגעווייניק אין זיך...

איר זיצט און קלערט, זאָג איך, און זיי קענען דערווייל אַרויספּלאַצן און חרוב ונחרב מאַכן די גאַנצע וועלט מיט אַלע אירע בטלנים!

— און וואָס האָבן זיי געזאָגט?

— זיי האָבן מיר א נאָמען געגעבן: גאַזעמאַן.

ער שפּייט אויס מיט פֿאַראַכטונג, מאַכט עטלעכע שריט אהין און צוריק, און שטעלט זיך צוריק אָפּ.

— פֿאַרשטייט זיך, מיך אַרט עס נישט... יינגלעך האָבן עס אויפֿגעכאַפּט, רעדט, שרייט, מיין דאגה; נאָר דער שווער מײַנער! פֿאַרן שווער האָב איך שטאַרק מורא געהאַט!

— א גבר אלים?

— אַן עיקש... שפּאַרט זיך איין, איך זאָל גטן דאָס ווייב, באַשר־בכן — משוגע בין איך.

— און איר האָט נישט געוואָלט?

— איך האָב דען געקענט? ממה נפשך, בין איך ג ע ז ו נ ט , פֿאַר וואָס זאָל איך זי גטן, בין איך משוגע, ווי קען איך געבן גט?

— און זי וואָס האָט געזאָגט?

— מיין חוהלע? וואָס האָט זי געזאָלט זאָגן? וואָס האָט זי געקענט זאָגן? איך בין זיכער, אַז עס איז איר אויף די געדאַנקען נישט געקומען. וואָס הייסט? מיר זענען דען קיין זיווג נישט, חס־ושלום? אַז דער מלאך האָט אויף אונדז אויסגערופֿן: „בת פּלוני לפּלוני", ווי מיינט איר, איז נישט געווען קיין שמחה אין אַלע עולמות? מלאכים, זאָג איך אייך, האָבן פֿאַר שמחה געוויינט. איך האָב עס איר דערציילט... אַלץ דערציילט...

— און וועגן די גאַזן אויך?

— וועגן די גאַזן? ניין! נאָכוואָס? זי האָט עס פֿון מיין פּנים געלעזן. חכמת הפּרצוף האָט זי געקענט ווי אַ וואַסער! איך וויל איר אַמאָל עפּעס זאָגן, שמייכלט זי און זאָגט עס מ י ר ! פֿון מיין פּנים האָט זי געלעזן, ווי פֿון צאינה וראינה אַרויס...

— און אפֿשר, — איז ער זיך מישב, — נישט פֿון פּנים.. איר פֿאַרשטייט, מיין הארץ אין איר הארץ... ניין, דאָס וועט איר נישט פֿאַרשטיין...

— און זי האָט אויך געגלויבט אין די גאַזן?

— א שאלה דאָס איז! דורך די גאַזן האָט זי דעם אַפּעטיט פֿאַרלוירן, געכט נישט געשלאָפֿן, פֿון פּנים אַראָפּגעפֿאַלן... און די אויגן, א וווּנדערלעכע זאַך, האָבן איר געוואַקסן און געוואַקסן. מיט יעדן טאָג זענען זיי גרעסער געוואָרן; דאָס פּנים קלענער, די אויגן גרעסער!

ער פֿאַרטראַכט זיך.

— און פֿון וואַנען — פֿרעג איך — זייט איר געקומען אויף די גאַזן?

— דורך א חלום...

—א חלום, זאָגט מען, איז א נאַר.

— חוהלע פּלעגט אויך אַמאָל אזוי זאָגן! איך האָב אָבער דעם חלום געזען דריי מאָל און דערנאָך האָט זיך פּאסירט אז מעשה...

באמת — א ווונדערלעכע מעשה.

איינמאָל איז ער זיך ארויסגעגאַנגען שפּאצירן צווישן מנחה ומעריב. גאסן־יונגען האָבן אים דערזען און נאָכגעלאָפן. זיי ווילן, ער זאָל זיי דער־ציילן די חלומות...

— איך האָב, — זאָגט ער — אפילו חשק צו דערציילן... אדרבא, זאָלן זיי וויסן; האָב איך דאָך אָבער מורא פארן שווער... ער וועט געוווּיר ווערן, פארמסרן מיך פאר חוהלען... און וואָס וועט זיין? זי וועט וויינען! זי וועט זיך די אויגן אויסוויינען!

אנטלויפט ער, יאָגט מען אים נאָך, כאַפּט אים איינער אָן פאר א פּאָלע.

— איך זע, עס איז שלעכט, ער וועט אָפּרייסן די פּאָלע... דערמאָן איך מיך אין יוסף הצדיק, לאָז אים איבער די קאַפּאָטע און אנטלויף ווייטער.

ער לויפט און לויפט, ביז ער פארלירט ערגעץ הינטער דער שטאָט, שלאָגט זיך אָן אין א בערגל, פאלט און בלייבט ליגן.

— ליגנדיק אזוי, וואָס מיינט איר, דערזע איך? קברים דערזע איך... א הייליק אָרט געוועז! צי בין איך, נישט וויסנדיק, פאר שרעק אריבער־געשפּרונגען די צוים פון בית־עלמין, צי עס איז קיין צוים גאָרנישט געוועז, ווייס איך נישט ביז היינט...

נאָר א מאָדנער עולם אמת. די מצבות שטייען נישט איין א רגע, זיי שאָקלען זיך... פּלוצים הייבן אָן פון אונטער זיי ארויסצוקריכן מתים...

— איר האָט אייך דערשראָקן?

— חס ושלום! מתים זענען קיין גאסן־יונגען נישט. איך רעד מיט זיי:

„וואָס האָט איר אייך, — פרעג איך — אין א בראָסטן מיטוואָך פאר חצות דאָ פארזאמלט?"

„אָן אומגליק, זאָגן זיי, האָט זיי פּאסירט. אונטער די מצבות האָבן זיך אָנגעזאמלט גאזן"... „דערשטיקט צו ווערן" זאָגן זיי.

דערוווייל שלאָגט דער זייגער 12.

די מתים לאָזן זיך אין שטאָט אריין דאַוונען און איך צי מיך אויס אויף דער ערד, לייג צו אַן אויער, איך וויל הערן, וואָס דאָרט טוט זיך.

— און איר האָט געהערט?

— אוודאי! ווי א שטורעם אונטער דער ערד אהין און צוריק, אהין און צוריק, ווי א קעסל־פּויק... טראַ—טראַ—טראַ—טאַ—דאַ—באַק! טראַ—טראַ—טאַ—דאַ—באַק! אינמיטן, דערהער איך, א שמועס צווישן צוויי קולות אונטער דער ערד.

— פּלאצן? פרעגט איין קול.

— צו פרי! ענטפערט דאָס צווייטע.

— ווען דען?

— ס'וועט זיין א סיגנאַל...

— ווען וועט זיין דער סיגנאַל?

— אז די פרוכטן וועלן רייף זיין אויף די ביימער...

ער שווייגט.

— דאָס איז עס אינגאנצן? מער האָט איר נישט געהערט.

— שפּעטער האָב איך געהערט נאָך א שמועס. דאָס הייסט דעם סוף פון יענעם שמועס. אזוי האָט מען גערעדט:

— ווער וועט, פרעגט א קול — געבן דעם סיגנאַל.

— חנינא, ענטפערט מען, וועט געבן דעם סיגנאַל.

מילא, לויף איך געשווינד אין שטאָט אריין צו חוהלען און פרעג זי אויף חנינאן זאָגט זי, אז חנינאס איז דאָ א סך: חנינא דער וואָכערניק, חנינא פּרוש, וואָס איז ערגעץ אוועק און איבערגעלאָזט א ווייב מיט קינדער, ימח־שמו... חנינא דער שמש פון „סומך־נופלים". חנינא פּועל בטל... און גיי וויים!

— און אהער — פרעג איך, — ווער האָט אייך געבראַכט?

— בין אליין געקומען, — ענטפערט ער כמעט מיט א שטאָלץ — אליין געקומען, פון שווער אנטלאָפן...

— און חוהלען גאָר אוועקגעוואָרפן?

— אוודאי! — מאַכט ער חוזק — ווי דען! נאָר איינער, זי קומט צו מיר.

— ווען?

— יעדן אָוונט...

— יעדן אָוונט?

— ... קומט זי צו רייטן אויף דער לבנה...

— און פארן מולד! פרעג איך.

ער גיט אויף מיר א קוק מיט כעס און בזיון צוזאמען.

— אזוי, — זייערט ער פון צווישן די ציין, — אזוי... א חוקר ודורש... א נאָז־קוקער, אהא!

ער איז פון מיר אוועקגעגאנגען מיט שלעכטע געדאנקען. איך מוז אים בארואיקן.

# דער קדוש


אָס א וועלט איז! חוהלע, דעם גאזעמאנס ווייב, קומט צו רייטן אויף דער לבנה, און שפרינצע, יונה דעם הייליקנס ווייב — אויף א בעזעם!

חווה קומט איר אומגליקלעכן מאן טרייסטן, אונטערהאלטן, יענע ברענגט בראָנפן מיט קיכלעך און קליין געלט פאר די וועכטער, זיי זאָלן דעם קדוש נאָך פעסטער האלטן; נישט ארויסלאָזן אויף דער ליכטיקער שיין!

חווה איז אן איינפאכע כשרע יידענע, טוט ווי דער מאן וויל; שפרינ־צע — דער הייליקער יונה דערציילט, אז, שטייענדיק מיט איר אונטער דער חופה, האָט ער באלד דערפילט א ריח פון פעך... ער האָט געוואָלט שרייען, האָט אָבער דער רב דערוויל אָנגעהויבן די ברכה און דער פאָטער האָט אים שטילערהייט דערלאנגט אין פלייצע.

שפעטער, אז ער האָט אָנגעהויבן שרייען, אז זי איז א מכשפה, א לילית, האָט מען אים נישט געגלויבט, געהייסן ווינען... און, אז ער האָט שיר־נישט באקומען דאָס חולה נופל פאר שרעק, האָט מען אים געבונדן און אהערגעשיקט...

און זי איז א מכשפה! ווען נישט איר כישוף, וואָלט ער שוין לאנג געוואָרן א רואה ואינו נראה און וואָלט נעלם געוואָרן.

די דאָקטוירים, ימח שמם, לאָזן אויך נישט, זיי נייטן אים צו עסן טריפות, צו טרינקען נסך... און ער קען גאָרנישט טון!

אָבער גאָרנישט!

אין הימל דאָרט האָט ער, דער קדוש, א גרויסע דעה, א סך צו זאָגן; דאָ אין שפיטאָל — גאָרנישט! וואָלט ער געוועזן נישט קיין קדוש נאָר א צדיק, א בעל מופת, וואָלט ער געקענט אָפּשפּרעכן, צוזאָגן; וואָלט ער געהאט ביי זיך כאָטש איינס פון די מיליאָנען שליסעלעך, וואָס עפענען ביי מענטשן הערצער און קעשענעס, — באַ! וואָלט ער געוועזן פריי, גע־לעבט א וועלט! אָדער ער וואָלט אליין פארלייגט א געשעפט, אָדער עס

וואָלט זיך געפונען אין עמפּרעסאריאָ אויף די גוטע זאַכן.... ער אָבער, אין אמתער דאָן קיכאָט, האָט זיך אונטערגענומען בייצושטיין גאָט מיט דער מלחמה מיטן שטן... ווער וויל זיך עס אריינמישן אין אזא זאַך? וואָס האָט מען דערפון? האָט מען אים טאקע אהער געשיקט, וויל מען זיין פּרצוף נישט זען.

ער איז דאָך ביי זיך נישט אָפּגעפּאלן... אז איך העלף א י ם , מוז ער מיר א ו י ך העלפן... נישט אצינד, איז שפּעטער... אין צווייטן, אין דריטן גילגול!

דערווייל, — וואָס זאָל ער טון?

א שם האָט ער, נאָר די ליפּן האָט מען אים מטמא געווען, ער קען דעם שם מיט אומריינע ליפּן נישט ארויסזאָגן!

די געזונטע האלטן, פארשטייט זיך, דעם קדוש פאר משוגע, אלע זענען פון שפּרינצהס צד... און די משוגעים?

פארשידן!

פיל גלויבן אין אים.

אַחשוורוש זאָגט, אז אים טוט זייער הנאה, וואָס דער קדוש איז גע־קומען אין זיין מדינה אריין. ער האָפט, אז ער וועט האָבן א שטארקע פּעולה אויפן יונגן דור, אויף די מידות...

יוחנן מלמד, גייט זיך אין זיין חדר. ער זאָגט: מען מ ו ז גלויבן! א מענטש, זאָגט ער, קען זיך אליין נישט מאכן פאר א רשע, אָבער פאר א צדיק — מהיכא תיתי! אז ער וויל, איז ער!

גאזעמאַן ציט מיטן אַקסל:

— די גאזן, זאָגט ער, וועלן א סך פרעגן, ווער עס איז א צדיק און ווער עס איז א רשע!

יענטל די קרעמערן, רעכנט נאָך ראש השנה צו עפענען זיך א קלייטל מיט בוימייל צום אָפּשפּרעכן.

זי קלאַפּט יונהן אין דער פּלייצע און זאָגט: אז דו וועסט מיך נאָר פאָלגן, וועט גיין א געשעפט; אַחשוורוש וועט אויך הנאה האָבן...

דער קדוש דרייט זיך אָפּ, וויל נישט וויסן פון קיין געשעפטן, נאָר דער רעשט עולם, אז ער הערט: קדוש, שפּרינגט ער באלד אונטער, זאָגט ד ר יי מאָל קדוש...

עס קאָסט אים א סך?

איין לייב פּילוסוף איז דעם קדוש א שונא אויפ'ם לעבן. מיר דאכט זיך פאר קנאה. ער רייצט זיך מיט'ן שטענדיק.

ער גייט צו, נעמט אים אָן ביי דער גאָמבע, הויבט אים דעם קאָפּ אין דער הויך און פרעגט:

— עסט באמת טריפות, קדוש?

— אוודאי!

— נאָך וואָס טוסטו עס?

— איך מוז דאָך, איך וועל דאָך שטארבן פאר הונגער!

— און אז מען שטארבט פאר הונגער וואָס איז? גייט מען דאָך ערשט אין גן־עדן אריין!

דער קדוש ענטפערט געלאסן:

— איך קען נישט שטארבן פאר הונגער, — איך מוז, — זאָגט ער גאנץ ערנסט — פארברענט ווערן... מי באש.

— פארוואָס גראָד באש —

— דער גוף זאָל פארברענט ווערן! אין פייער געריייניקט ווערן... די גזירה איז אזוי!

אָן אנדער מאָל פרעגט אים ליב פילוסוף:

— און ווען וועסטו שוין פארברענט ווערן, קדוש?

דער ענטפערט געלאסן:

— ווען עס וועט קומען די צייט.

פון דעמאָלט אָן, פלעגט ער אים וואָס אמאָל פרעגן:

— נאָך נישט? אלץ נאָך נישט צייט?

איינמאָל האָט אים דער קדוש געענטפערט:

— איך האָב נישט קיין צינדהעלצלעך!

דערויף רופט זיך אָן יענטל, אז זי האָט סחורה מכל המינים. אז זי איז גרייט אליין אוועקצוגעבן דעם הייליקן יונה, און אלץ בחנם, על כל פנים, בחצי חנם, נאָר קיין צינדהעלצלעך האָט זי נישט.. מען לאָזט נישט אריין!

— זעסט! טריאומפירט דער קדוש.

— ביסט פאָרט א ליגנער, שרייט גיפטיק ליב פילוסוף.

---

# די שריפה און נאָך דער שריפה



ער קדוש איז דאָך קיין ליגנער נישט געווען; ער האָט זיינס געטון.

געשען איז עס אין א מולד־נאַכט: איך געדענק עס ווי היינט:

די קראנקע זענען איינגעשלאָפן, דער קדוש האָט זיך שטיל אראָפּ־געכאַפּט פון בעט, שטיל געעפנט דאָס פענצטער; ער איז ארויסגעשפרונ־גען און איז אריין אין אָפענעם פעדער־הויז. דאָרט האָט ער ביי א פארשלאָ־פענעם וועכטער ארויסגענומען (לייב פילוסוף זאָגט: ארויסגעגנבעט) פון קעשענע א פעקל זאַפּאַלקעס —

---

די רעשט איז לייכט צו פארשטיין.

דאָס דול־הויז איז אלט, זייער אלט...

יוחנן מלמד זאָגט, אַז עס איז נאָך פון המנס צייטן... לייב פילוסוף — פון קודם מתן תורה... דער קדוש האָט געגלויבט — משׂשת ימי בראשית... באַשאַפן געוואָרן איז עס ערב שבת בין השמשות, מיט די שדים און מזיקים, וואָס וואכן ארום „צוזאמען"... סיי ווי סיי אַלט איז עס, אלט און טרוקן; ממש אויסגעדאָרט...

און דאָס האָלץ, אַז עס האָט נאָר א פונק דערשמעקט, האָט עס אויפ־געפלאקערט מיט א שמחה, מיט א גדולה!

איך האָב געזען ווי באלקן האָבן זיך אליין אויסגעדרייט און מיט א ציטער פון אן אמתן בעל־תאווה, זיך גענייגט צום פייער... א זייל, האָב איך געזען, האָט זיך אויסגעקרימט ווי א האלבע רייף און אריינגעלייגט דעם קאָפּ אין דער בראנד!

עס וויל ברענען, עס דאַרף, א פּנים, ברענען!

און דאָך, — ווי שרעקלעך איז א שריפה! און נישט דאָס פייער איז אזוי שרעקלעך, דאָס פייער איז שיין און גרויס, דרך־ארץ האָב איך פאר פייער, וואָס רייניקט אלץ... נאָר דאָס געשריי, דאָס געפילדער איז נישט צום אויסהאלטן!

דאָס געיאָמער פון קראנקע, דאָס קנאַקן פון באַלקן, פון ווענט, דאָס רעדערן, סיקען און פייפן, די געשרייען פון דער פּאַזשאַרנע קאָ־מאַנדע, די אַפּוטרופּסים מיט הויך אויסגעשריגענע עצות — פוי!

אַזא קאָנצערט, הערט זיך נאָר אין גיהנום...

דאָס פייער ווערט אויך בייז! גאַנצע בונטן פלאַמען יאָגט עס אויף די לייט. עס וואַרפט אויף זיי מיט באַלקן! מיט טירן און פענצטער; א מלחמה! א שרעקלעכע מלחמה!

און ער?

ער, דער קדוש, שטייט זיך אויפן שפּיץ דאַך, אינמיטן פייער, אַרומ־גענומען ביזן גאַרטל מיט רויטע און בלויענע שלאַנגען...

און ער שטייט, און רופט, און זיין קול שניידט זיך דורך דעם גאַנצן גיהנומדיקן גערודער און שלאָגט זיך צו צו יעדנס האַרץ...

— „שמע ישראל!" רופט ער!

---

אויסער דעם קדוש האָט דאָס פייער קיינעם נישט געשאַדט.

דאָס דול־הויז איז געווען אַסעקורירט; דול־הייזער אַסעקורירן זיך איינער ביים צווייטן, דאָקטוירים קריגן נייע אינסטרומענטן צו אָפּעראַ־ציעס... די פּאַזשאַרנע קאָמאַנדע — געלט אַפּוטרופּסים — כבוד, ווייניק איינגעשטעלט דאָס לעבן האָבן זיי זיך, און די משוגעים האָט מען דערווייל אַריינגענומען אין א סאַלע...

פאַרשטייט זיך, אַז וואָס מער משוגעים עס פאַרזאַמלט זיך אויף אן אָרט, שטאַרקער פילן זיי זיך; און וואָס מער די משוגעים פילן זיך שטאַר־קער, פילן זיך שוואַכער די וועכטער.

דער ליאַרם גייט טאַקע ביזן הימל אַריין.

יענטל איז דאָ אויך אן איינגייערן, פּירט דאָס איידל.

— דאָס געשעפט, — זאָגט זי — פאַרגרעסערט זיך; דער ריווח ווערט דאָך קלענער; קוים פּרנסה. זי האָט, נעבעך, צו דערנערן א קראַנקן מאַן מיט א גאַנץ געזינדל.

און דאָס געזינדל, ווי זי זאָגט, באַשטייט, פון צוויי טעכטער אלמנות מיט קינדערלעך, צוויי טעכטער מיט מענער און אויך מיט קינדערלעך, א חוץ קינדער פון ערשטן מאַן...

זי האַנדלט: מיט קרושקעלעך פון ברויט, פּיצלעך טיטון פון אָפּגע־ברענטע פּאַפּיראָסן, שטיקלעך לייוונט און טוך, רעשטלעך פון ליכט, טייל מאָל איז א שטיקל שנייץ אויך א סחורה.

אלם געלט גייען שטיקלעך גלאָז, קאָלירט גלאָז איז גאָר גאָלד אין דער מעלה... קאָלירט פאַפּיר, איז באַנקאָ־צעטל, ווייס — קוויטלעך און וועקסלען.

און זי שרייט:

— רוצחים! דאָס איז מיין גאַנץ עשרות די סחורה! וואָס גנבעט איר? וואָס רייסט איר? וואָס ציט איר מיר די קליי פון די ביינער?

די קונים שוייגן אויך נישט.

זיי שרייען, אַז זי באַרייסט, גיט פאַלשע וואָג און מאָס.

אחשוורוש, דער מלך פון הודו — דער אויוון רעכטס — ביז כוש — די טיר אין קיך אַריין לינקס, — גייט אַרום מיט אַ גדלות, פאַרשרייבט מיט אַ נאַסן פינגער, אויף אַ שויב, צי אויף אַ וואַנט, דעם חשבון פון „מסים וארנוניות", וואָס אים קומט שוין פון מסחר...

— איך בין דיך מתרה, יענטל! דו פאַלסט אַריין אין טיורמע!

— זרח, — רופט ער צו אַ קונה, — דיר וועל איך אויך נישט שענ־קען! איך זע — ווילסט מאַכן פּליטה! פון אַמעריקע וועל איך דיך ביי די האָר הייסן אַהער שלעפּן! איך האָב דאָרטן אויך מיינע לייט! נישט קשה!

און אַנדערן רופט ער צו:

— קויף און פאַרקויף אַנדערטהאַלבן מיליאָן פּוד, קריגסטו אַ „פּאַציאָטנע"!

טייַלמאָל רוקט ער זיך צו צו גאַזעמאַן, וואָס זיצט פאַרטראַכט אין אַ ווינקעלע, אָדער צו לייב פילוסוף מיט יוחנן מלמד, וואָס זיצן אין אַ זייט פאַרזונקען אין אַ וויכוח וועגן תכלית פון דער וועלט, פון מענטש און אַלערליי אַנדערע זאַכן...

ער שטעלט זיך אָפּ, לייגט אַ פינגער אויף דער נאָז און זאָגט:

— שווייגט בעסער...

אַנישט, לייגט ער זיי גאָר פאָר אַ האַנדלס־פאַרטראַג...

און אַזוי רודערט זיך ביז דער האָן קרייעט.

---

פאַרוואָס גראָד ביז דער האָן קרייעט? פאַרוואָס שפּילט דער האָן מיטן קרייען אַזאַ גרויסע ראָלע אין שפּיטאָל?

— זאָרי, שפּילט ער, — זאָגט אחשוורוש, און „זאָרי" פאַרשטייט מען איז אַזאַ גרויסע זאַך.

— סימנא בעלמא — זאָגט דער מלמד, — מען האָט געדאַרפט אַ צייכן, וואָס עס איז פאַר אַ צייכן, האָט מען זיך אָנגעכאַפּט אין האָן...

ליב פילוסוף זאָגט, אַז עס מוז דאָך עפּעס שטעקן דערינען. דען, פאַרוואָס דווקא א האָן, נישט א הון?

— א הון קרייעט נישט, קען נישט קרייען, — פּאַלט אים יענטל מיט כעס, אין די רייד אריין, — צו מיינע שונאימס קעפּ — —

— בייטל נישט, — ענטפערט ליב קאַלט ווי אייז... הינער בטבע זענען גלייך צו הענער... זיי וואָלטן געקאָנט קרייען, נאָר מען האָט זיי אָפּגעוווינט... אַז א הון קרייעט, קוילעט מען זי...

— ווייטער די אייגענע קשיא, פאַרוואָס? — מאַכט יוחנן.

— איך וועל קלערן דעריבער, זאָגט ליב. און, — גיט ער צו שטאָלץ — עס איז צייט... איך אייל מיך נישט!

נישט דאָס וויסן איז דער עיקר, נאָר דאָס קלערן!

---

איך וויל אויך קלערן נאָר מיין קאָפּוויטיק וואקסט פון טאָג צו טאָג. זייט די משוגעים זענען צוזאמען, איז סכנת נפשות... די טויזנטער נייע וועגן, וואָס זיי זוכן אין אלע זייטן, קרייציקן זיך און פאַרקניפּן; שווינדלט פאַר די אויגן א באשטענדיקער, בליצנדיקער קאַלעידאָסקאָפּ מיט פאַר־פּלאָנטעטע ברענענדיקע ליניען.. דער מוח וויל טיילמאָל פּלאַצן. איך קלער שוין אפילו נישט, ווער איך בין, א רופא צי א חולה, ווייל, איך בין זי־כער, אז אויב איך בין נאָך נישט משוגע, וועל איך עס היינט מאָרגן ווערן.

# דער משולח


ר גייט, און דער ווינט צעיאָגט די פּאָלעס און די ווייסע באָרד. אַלע מאָל כאַפּט ער זיך אָן מיט דער רעכטער האַנט אין דער לינקער זייט! עס גיט אים אַלע מאָל דאָרט א שטאָך. ער וויל זיך דאָך נישט מודה זיין; ער וויל זיך דווקא איינרעדן, אז ער טאַפּט נאָר ביי דער בוזים־טאַש.

— איך זאָל נאָר דעם קאָנטראַקט מיט דעם געלט נישט פארלירן! אָט פאר דעם מכלומרשט ציטערט ער.

— און אפילו עס שטעכט, איז אויך א נארעשקייט! איך האָב נאָך, געלויבט איז גאָט, גענוג כוח אויף אזא שליחות, אנדערע אין מיינע יאָרן וועלן שוין קיין וויאָרסט נישט אָפּגיין, נאָר איך, געלויבט איז זיין ליבער נאָמען, דאַרף גאָרנישט צו קיין מענטשן און פארדין מיר אליין מיין ברויט. געלויבט איז גאָט, מען געטרויעט מיר געלט!

— ווען איך האָב מיין אייגנס — טראַכט ער ווייטער — וואָס מען געטרויעט מיר, וואָלט איך אין שליחות צו זיבעציק יאָר נישט געגאַנגען; וויל אָבער דער רבונו של עולם אזוי, איז אזוי גוט!

עס הייבט אָן צו פאַלן גראָבע פלאַכעס שניי; ער ווישט זיך אַלע מאָל דאָס פּנים.

— איך האָב נאָך — טראַכט ער — איינגאַנצן א האַלבע מייל אָ וואָ! אויך מיר א גאַנג! א סך נענטער ווי ווייטער! ער דרייט זיך איבער — מען זעט שוין אפילו נישט דעם שטאַדטישן זייגער, נישט דעם קלויסטער, נישט די קאַזאַרמע, „נו, שמירה, פאָר!״

און שמריה פאָרט אין דעם נאַסן שניי; די אַלטע פיס קאָפּען זיך אריין און ארויס. — :געלויבט איז גאָט, עס איז קיין גרויסער ווינט נישט״!

גרויס האָט, אָפּנים, ביי אים געהייסן א שטורעם־ווינט; דער ווינט איז געווען גענוג שטאַרק און געיאָגט גלייך אין פּנים אריין, אז עס האָט אים אַלעמאָל אָטעם פארפּעלט; ער האָט אים ארויסגענאַרט אַלע טרערן

פון די אַלטע אויגן, וואָס האָבן אים געשטאָכן ווי שפּילקעס, נאָר אויף די אויגן ליידט ער תמיד.

פאַרן ערשטן געלט, פאַלט אים איין, קויפט ער זיך וועגס־ברילן, — אַזוינע גרויסע, קײלעכדיקע; זיי זאָלן די גאַנצע אויגן פאַרשטעלן.

גאָט זאָל וועלן — טראַכט ער — וואָלט איך צו דעם אויך געקומען! עס זאָל נאָר זיין אַלע טאָג אַ שליחות, און ווייט, נאָר ווייט! גיין, ב״ה, קען איך, וואָלט איך מיר שוין אָפּגעשפּאָרט אויף אַ פּאָר ברילן...

ער דאַרף אַ שטיקל פּעלצל אויך. עס וואָלט אים לייכטער געווען אויף דער ברוסט... ער רעכנט איבער, אַז דערווייל האָט ער נאָך אַ וואַרעמע קאַפּאָטע!

— זי זאָל זיך נאָר נישט רייסן, וואָלט זי גאָר וויל געווען. ער שמייכלט מיט פאַרגעניגן. דאָס, — טראַכט ער — איז נישט קיין היינטיקע קאַפּאָטע, קיין קיי און שפּיי, קיין שפּינוועבס! נאָר פּאַרצייטישער לאַסטיק; דאָס, וועט מיך איבערלעבן! און אָן אַ שפּאַלט, דאָס איז אויך אַ מעלה; זי צעפליט זיך נישט אַזוי ווי היינטיקע סחורה, און פון פאָרנט פאַרלייגט זי זיך אויף אַן אייל!...

— אַ פּעלצל — טראַכט ער ווייטער — איז אייגנטלעך בעסער. אַ פּעלצל איז וואַרעם, גוט וואַרעם. נאָר אַלץ פריער ברילן. אַ פּעלצל איז נאָר גוט ווינטער און ברילן דאַרף מען תמיד. דען זומער, אַז עס מאַכט זיך אַ ווינט און יאָגט דעם שטויב גלייך אין די אויגן אַריין, איז ערגער ווי ווינטער!

און עס בלייבט, אַז פריער זענען ברילן, דערנאָך ערשט אַ פּעלצל! דער אייבערשטער זאָל נאָר העלפן, ער זאָל אָפּנעמען דעם ווייטאָג... אַ פיר גילדן וועט ער אַוודאי כאַפּן...

און ער שלאָפּט ווייטער, און דער נאַסער שניי פּאַטשט אים אין פּנים אַריין, דער ווינט ווערט אַלע מאָל שטאַרקער און די זייט שטעכט אַלע מאָל מער.

— דער ווינט זאָל זיך נאָר וועלן איבערדרייען! נאָר מן הסתם — טראַכט ער — איז אַזוי גלייכער. צוריקצוועגס וועל איך מער מיד זיין, וועל איך אים דעמאָלט האָבן פון הינטן! אָ, דעמאָלט וועט עס גאָר אַנדערש גיין! אַלץ פאַרזאָרגט! גרינג אויפן האַרץ!

ער האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן אַ רגע און דעם אָטעם כאַפּן. דאָס שרעקט אים אַביסל איבער:

— וואָס איז אַזוינס מיט מיר געשען? ווייניק פרעסט און ווינטן

האָב איך אויסגעהאַלטן אַלס קאַנטאָניסט? — פרעגט ער זיך טרויעריק און האַלב דערשראָקן.

און ער דערמאָנט זיך זיין סלוזשבע אַלס ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט. פינפאונצוואַנציק יאָר ריינע סלוזשבע אונטער דער ביקס, חוץ די קינ־דערשע יאָרן אַלס קאַנטאָניסט. ער איז זיך געגנוג אָנגעגאַנגען אין זיין לעבן, געמאַרשירט איבער בערג און טאָל, אין שניי און פרעסט און אַלער־ליי זאַווערוכעס. און וועלכע שנייען! וועלכע פרעסט! די ביימער פּלעגן פּלאַצן, פייגעלעך פּלעגן טויט אַראָפּפאַלן אויף דער ערד — און דער רוסישער סאָלדאַט איז געגאַנגען פריש, לעבעדיק, און נאָך דערצו אַ לי־דעלע געזונגען, אַ טרעפּאַק, אַ קאָמאַרינסקי און מיט די פיס צוגעקלאַפּט!

דער געדאַנק, אַז ער האָט גאַנצע פינפאונדרייסיק יאָר אויסגעהאַלטן די פּאַרצייטיקע סלוזשבע, אויסגעשטאַנען אַלע צרות, אַלע שנייען, אַלע ווינטן, אַלע שלעק, הונגער, דאָרשט און נויטן, און אַ געזונטער אַהיימ־געקומען — דער געדאַנק מאַכט אים גרויס! ער הייבט אויף דעם קאָפּ מיט גדלות און גייט מיט נייעם כוח.

— האַ, האַ, וואָס איז גאָר ביי מיר אַזאַ פרעסטל? אין רוסלאַנד, דאַכט זיך, איז געווען עפּעס אַנדערש!

ער גייט, דער ווינט ווערט אביסל שטילער, עס ווערט אַלע מאָל טונקעלער, עס פאַלט צו די נאַכט.

— אויך מיר אַ טאָג — טראַכט ער — אַ טל־ומטר!... און ער הייבט זיך אָן מער צו יאָגן, עס זאָל אים נישט די נאַכט באַפאַלן. נישט אומזיסט גייט ער שבת אין שילכל לערנען תורה, ער ווייסט: מען דאַרף אַרויסגיין און צוריקומען בכי־טוב!

ער פילט אביסל הונגער, און אַ טבע האָט ער, אַז ווען ער ווערט הונגעריק, ווערט ער לוסטיק! ער ווייסט, אַז אַפּעטיט איז אַ גוטע זאַך; זיינע סוחרים, וואָס שיקן אים אין שליחות, וויינען תמיד נאָר אויף דעם, וואָס זיי זענען קיינמאָל נישט הונגעריק! ער האָט, ב"ה, אַפּעטיט! אויס־סער, אַז ער איז נישט בקו־הבריאה, ווי, למשל, נעכטן; ער איז קראַנק געווען, האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס ברויט איז זויער.

— גיי, ווי איז עס זויער געווען; זעלנעריש ברויט! אַמאָל אפשר יאָ, אָבער היינט? באַקט פאַניע אַזאַ ברויט, אַז די יידישע בעקערס מעגן זיך באַהאַלטן. און געקויפט האָט ער אַ פריש ברויט! עס איז געווען אַ מחיה צו שניידן. ער איז אָבער נישט געווען בקו־הבריאה, עפּעס האָט אים אַ קעלט געיאָגט דורך די ביינער.

— נאָר געלויבט איז דער, וואָס ער איז נישט ווערט זיין נאָמען צו געדענקען, עס טרעפט זיך אים זעלטן!

אצינד האָט ער אויך אַפּעטיט, ער האָט אַפּילו אין קעשענע ברויט מיט א שטיקל קעז... דאָס שטיקל קעז האָט אים דעם סוחרס ווייב גע־געבן, לעבן זאָל זי און געזונט זיין! זי איז טאַקע א בעל־צדקה, האָט א יידיש האַרץ.

— זי זאָל נישט אַזוי קללהן — טראַכט ער — וואָלט זי געווען גאָר א ווילע יידענע!... ער דערמאָנט זיך אין זיין געשטאָרבן ווייב.

— גאָר מיין שפּרינצע ניעפּריטשקעם! זי האָט אויך געהאַט א גוט האַרץ, און אַזא טבע צו קללהן. וואָס פאַר א קינד איך האָב אוועק־געשיקט אין דער וועלט אריין, האָט זי געוויינט ווי א ביבער, כאָטש אין דער היים האָט זי געשאָלטן מיט טויטע קללות! ווער שמועסט — דער־מאָנט ער זיך — אז איינס איז געשטאָרבן! זי האָט זיך געוואָרפן גאַנצע טעג ווי א שלאַנג אויף דער ערד, געהאַקט זיך מיט די פויסטן אין קאָפּ אריין.

איינמאָל האָט זי גאָר געוואָלט וואַרפן א שטיין אין הימל אריין!

— „אָט, זעסטו — טראַכט ער — גאָט מאַכט זיך א סך פון א נאַרישער יידענע!... זי לאָזט אָבער נישט אַרויסנעמען די מיטה מיטן מת! זי פּאַטשט אוים די ווייבער, דער חברה נושאים רייסט זי אוים די בערד"!

„א שיינע גבורה האָט געשטעקט אין דער שפּרינצען! עס האָט זיך געדראַכט א פליג, און אַזא כוח, אַזא כוח!..."

— פאָרט, זי זאָל עס מיר מוחל זיין, א גוטע געווען! זי האָט אפילו מ י ך נישט פיינט געהאַט, כאָטש זי האָט מיר קיינמאָל קיין גוט וואָרט נישט געגעבן!

געשריגן האָט זי: א גט! אז נישט וועט זי אַנטלויפן! נאָר ווי האָט זי געוואָלט א גט!

ער דערמאָנט זיך עפּעס און שמייכלט...

די מעשה איז שוין לאַנג, לאַנג... דענסטמאָל איז נאָך געווען די קאָנסומציע און ער איז געווען א נאַכט־וועכטער, איז אַרומגעגאַנגען א גאַנצע נאַכט מיטן אייזערנעם שטעקעלע, מען זאָל נישט אריינגנבענען בראָנפן!

סלוזשבע האָט ער געקענט, ביי פאָניען איז א גוט חדר, ער האָט גוטע מלמדים געהאַט!... פאַרטאָג, ווינטער איז עס געווען, עס קומט אים אָפּבייטן דער טאָג־וועכטער, חיים־יונה — איז שוין אויפן עולם־אמת

— און ער גייט אהיים געפרוירן, פארשטארט! ער קלאפט ביי דער טיר און זי שרייט אים ארויס פון בעט:

„גיי אין דער ערד אריין! איך האב געמיינט, דיין נאמען וועט אהיימקומען".

„אהא! זי איז בייז נאך פון נעכטן ביינאכט! ער קען זיך אפילו נישט דערמאנען, וואס נעכטן איז אזוינס געווען, נאר זיין האט דאך עפעס געמוזט.

— „פארמאך דאס מויל און עפן!" — שרייט ער.

—„דעם קאפ וועל איך דיר עפענען!" — הערט זיך א קלארע תשובה.

— לאז מיך אריין! — שרייט ער.

— אין דער ערד אריין גיי! — ענטפערט זי.

און ער האט זיך מיישב געווען און איז געגאנגען אין בית־המדרש אריין. ער האט זיך געלייגט שלאפן הינטערן אויוון. צום שלימזל איז געווען א סוואנד, ער איז פארגארעט געווארן, און מען האט אים אהיימגעטראגן א טויטן...

„א קלייניקייט האט דעמאלט שפרינצע איבערגעארבעט!" ער האט שפעטער גאנץ גוט געהערט, וואס זי האט איבערגעארבעט.

מען זאגט איר: עס איז גארנישט, א סוואנד.

ניין! זי וויל נאר א דאקטאר; זי האט בדעה צו חלשן, צוווארפן זיך אין וואסער אריין, און שרייט נאר: מיין מאן! מיין מאן! מיין תכשיט!

ער נעמט צוזאמען אלע כוחות, זעצט זיך אויף און פרעגט זי געלאסן:

— שפרינצע, ווילסט א גט?

— נעם איין... זי האט דאך נישט געענדיקט די קללה און ארויסגעלאזט א געוויין...

— שמריה, ווי מיינסטו, גאט וועט מיך נישט שטראפן פאר מיינע קללות, פאר מיין רשעות?...

קוים איז ער אבער געזונט געווארן — צוריק די אייגענע שפרינצע: א מויל אויף רעדער, א צונג אויף שרויפן, און אייזן שטארק, זי קראצט ווי א קאץ, הא, הא! א שאד שפרינצע! זי האט אפילו קיין נחת פון די קינדער נישט דערלעבט.

עס מוז זיי גוט גיין אויף דער וועלט אלע בעלי־מלאכות; די מלאכה לאזט נישט שטארבן פאר הונגער! כוח האבן זיי, אין מיר אריין געראטן; איי וואס, זיי שרייבן נישט, וואס איז? אליין קענען זיי נישט, און גיי בעט ערשט אן אנדערן, יענער זאל שרייבן! און וואס פאר א טעם

האָט אַזאַ בריוו? ווי איבערגעשווענקטע יויך! און גלאַט מיט דער צייט... יונגע קינדער פאַרגעסן... עס מוז דאָך זיי גאָר גוט זיין...

נאָר שפּרינצע נעבעך ליגט אין דער ערד, אַ שאָד שפּרינצע!

אַזוי ווי די קאָנסומציע האָט אויפגעהערט, איז זי געוואָרן אויס מענטש! טאַקע, איידער איך האָב מיך געווינט צו שליחות, צו זאָגן דעם פּריץ: יאַשניע פּאַניע, נישט וואַשע וויסאָקאָ בלאַגאָראָדיע, איידער מען האָט מיר געטרויט קאָנטראַקטן מיט געלט — האָט געפעלט דאָס שטיקל ברויט...

מילא, איך, זעסטו, אַ מאַנספּערשוין, אַ געוועזענער קאָנטאָניסט, עסט מען נישט אַ טאָג! איר אָבער איז עס געאַנגגען, אימשטיינס געזאָגט, אינעם גאַנצן לעבן! אַ נאַרישע יידענע, זי פאַרלירט באַלד די כוחות, זי האָט שוין אפילו נישט געקענט שעלטן, דער גאַנצער שייגעץ איז איר פון קאָפּ אַרויס, און נאָר געוויינט...

עס איז מיר נמאס ומאוס געוואָרן פאַרן לעבן... עפּעס האָט זי גאָר מורא געקריגן פאַר מיר! זי האָט גאָר מורא געהאַט צו עסן, מיר זאָל נישט פעלן, אַז איך זע, אַז זי האָט מורא, בין א י ך ביי קוראַזש. איך שריי, איך שעלט! למשל: פאַר וואָס גייסטו נישט פרעסן?! איך פאַל אַמאָל אין אַ רציחה אריין און וויל זי פשוט שלאָגן, נאָר גיי שלאָג אַ וויינענדיקע יידענע, אַז זי זיצט מיט פאַרלייגטע הענט און רירט זיך נישט! איך לויף צו מיט אַ קולאַק, שפּיי אין איר נאָך אָן, און זי ענטפערט מיר: „עס פריער דו אָפּ, איך וועל נאָכדעם עסן!" און איך האָב געמוזט פריער אָפּבייסן פונעם ברויט, און איר איבערלאָזן די רעשט...

אַמאָל נאַרט זי מיך אַרויס אין גאַס אריין; גיי, אפשר וועסטו עפּעס פאַרדינען, און מכלומרשט שמייכלט זי דערביי, און גלעט מיך אַמאָל!

און אַז איך גיי און קום צוריק, טרעף איך כמעט דאָס אייגענע ברויט! זי רעדט מיר איין, אַז זי קען נישט עסן קיין טרוקנס, זי דאַרף נאָר אַ גריץ!

ער בייגט אַראָפּ דעם קאָפּ, גלייך עס וואָלט אים געדריקט אַ שווע־רע לאַסט און די טרויעריקע געדאַנקען יאָגן:

— און וואָס פאַר אַ יללות זי האָט געמאַכט, אַז איך האָב געוואָלט מיין שבתדיקע קאַפּאָטע, אָט די, וואָס איך טראָג — פאַרזעצן! מעשים האָט זי געאַרבעט און געלאָפן און פאַרזעצט אירע מעשענע בענטש־לייכטער, און ביז אין טויט אריין שוין געבענטשט אין קאַרטאָפל!... פאַרן

טויט האָט זי מיר מודה געווען, אַז זי האָט קיינמאָל נישט געוואָלט קיין גט, אַז זי האָט נאָר אַ בייז מויל געהאַט.

— די צונג, די צונג, — האָט זי געשריגן. — רבונו של עולם, זיי מיר מוחל די צונג! און איז טאַקע געשטאָרבן אין איין פּחד, מען זאָל איר אויף יענער וועלט נישט הענגען אויף דער צונג!

— גאָט — מאַכט זי צו מיר — וועט קיין רחמנות אויף מיר נישט האָבן; איך האָב צופיל געזינדיקט! נאָר אַז דו וועסט קומען, נישט באַלד, חס־ושלום! איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, אַז דו וועסט קומען, געדענק, כאַפּ מיך אַראָפּ פון תליה!

זי האָט באַלד פאַרלוירן די געדאַנקען, אַלץ גערופן די קינדער! עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זיי זענען דאָ אין שטוב, אַז זי רעדט מיט זיי, און האָט זיי אויך געבעטן מחילה.

אַ נאַרישע יידענע, ווער וואָלט איר נישט מוחל געווען!

ווי אַלט איז זי געווען אינגאַנצן? אפשר אַ יאָר פופציק! אַזוי פרי געשטאָרבן! אַ קלייניקייט, אַז אַ מענטש נעמט זיך אַליין דאָס לעבן, אַז וואָס מען טראָגט אַרויס פון שטוב צו פאַרזעצן, טראָגט מען אַרויס אַ האַלב געזונט, שטיקער פלייש!...

טאָג אויף טאָג איז זי גרינער און געלער; קלענער און דאַרער געוואָרן.

זי האָט געזאָגט, אַז זי פילט ווי דער מאַרך טריקנט איר אין די ביינער... זי האָט געוווּסט, אַז זי וועט שטאַרבן!...

ווי האָט זי ליב געהאַט די שטוב מיט אַלע זאַכן! וואָס מען האָט אַרויסגעגעבן, אַ בענקל, אַ בלעכענע עסע, איך וויים וואָס, האָט זי עס באַגאָסן מיט ביטערע טרערן! זי האָט זיך מיט יעדער זאַך געזעגנט ווי אַ מאַמע מיט אַ קינד!... מישטיינס געזאָגט, אַרומגעכאַפּט און כמעט געקושט... „אַהאַ! מאַכט זי, ווען איך וועל שטאַרבן, וועסטו שוין נישט זיין אין שטוב!"

אַ מעשה, אַ נקבה איז פאָרט אַ נאַר! אַ רגע איז זי אַ קאָזאַק אין ספּודניצע, און אַ ליאַדע וואָס — ערגער ווי אַ קינד! זעסטו שוין, ביי שטאַרבן איז אוודאי אַ חילוק, צי מיט אַ בענקל, צי אָן אַ בענקל!...

— פע! — האַקט ער זיך אַליין איבער די געדאַנקען, — וואָס מיר קומט אַלץ איין קאָפּ אַריין, דורך די פּוסטע זאַכן גיי איך וואָלנע.

— נו, זעלנערישע פיס, טראָגט ווייטער! — קאָמאַנדירט ער מיט זיך.

ער קוקט זיך אום — אַרום און אַרום שניי; אויבן — אַ גראָער הימל מיט שוואַרצע שמאַטעס געלאַטעט; נאָר מיין אונטערשטע קאַפּאָטע!

— טראַכט ער — שינעט מיט לאַסטיקענע לאַטעס! רבונו של עולם, דיר פעלט אויך קרעדיט אין געוועלב?

דערווייל נעמט א פראָסט. די באַרד און די וואָנסעס זענען אייז, אין גוף איז אַפילו נישט קשה, דער קאָפּ איז גאָר וואַרעם, אויפן שטערן פילט ער טראָפּנס שווייס; נאָר די פיס ווערן וואָס אַמאָל קעלטער און שוואַכער.

שוין נישט ווייט, ער האָט דאָך חשק זיך אָפּצורוען און ער שעמט זיך פאַר זיך אַליין. דאָס ערשטע מאָל דאַרף ער זיך אָפּרוען ביי א שליחות פון צוויי מייל וועג. ער וויל זיך נישט מודה זיין, אַז ער איז אַן אַכציקער און עס איז שוין צייט דערויף.

ניין, ער מוז גיין... נאָר גיין... כל־זמן מען גייט, גייט מען, עס טראָגט זיך; קוים גיט מען נאָך דעם יצר־הרע און מען רוט זיך אָפּ, ווערט מען שוין א לייט!

מען קען זיך גלאַט פאַרקילן, — שרעקט ער זיך אַליין איבער, — און וויל זיך אַלץ אויסרעדן דעם שטאַרקן חשק צום אָפּרוען.

— נישט ווייט צום דאָרף, דאָרט וועל איך אויך צייט האָבן!

— דאָס, טראַכט ער — וועל איך יאָ טון: איך וועל נישט גיין גלייך צום כּריץ... ביים פּריץ מוז מען וואַרטן א שעה אין דרויסן... נאָר גלייך צום ייד.

— כאָטש גוט, — טראַכט ער — וואָס איך האָב נישט קיין מורא פאַר דעם פּריצס הינט; פונדעסטוועגן, ביינאַכט, אַז מען לאָזט אָפּ דעם בורען, איז פאָרט א סכנה; איך האָב מיט אַפילו מיין וויעטשערע, און בורי האָט ליב קעז, פאָרט בעסער פריער אויסרוען די ביינער! איך וועל מיר פריער גיין אַריין צום ייד, אָנוואַרעמען זיך, וואַשן זיך, עפּעס עסן...

און עס קומט אים וואַסער אין מויל אַריין; ער האָט פון אינדערפרי אָן גאָרנישט געגעסן; נאָר דאָס איז א קלייניקייט, אים אַרט נישט, וואָס ער איז הונגעריק; ער האָט הנאה דערפון: אַז מען איז הונגעריק, איז א סימן, אַז מען לעבט! נאָר די פיס!...

ער האָט נאָך אינגאַנצן אַ צוויי וויאָרסט, ער זעט שוין אַרויס דעם פּריצס גרויסע שאָפּע... נאָר די פיס זעען נישט, זיי ווילן זיך דווקא אָפּרוען!

— און ווידער פאַרקערט, — טראַכט ער זיך, — וואָס איז, אַז איך וועל מיך אַביסל אָפּרוען? א מינוט, א האַלבע מינוט! אפשר יאָ? לאָז מיך נאָר פּרוון! אזוי לאַנג פאָלגן מיך די פיס, וועל איך זיי אויך אַמאָל פאָלגן!

און שמריה זעצט זיך אין דער זייט אויף א בערגל שניי. אצינד הערט ער ערשט ווי דאָס האַרץ קלאַפּט אין אים ווי א האַמער און עס שטעכט, און דער קאָפּ שוויצט...

ער דערשרעקט זיך... צי ווערט ער נישט קראַנק? ער האָט ביי זיך פרעמד געלט! ער קען בלייבן, חס־ושלום, חלשות... און ער טרייסט זיך: געלויבט איז גאָט, וואָס קיינער גייט נישט! און אפילו עמעצ זאָל גיין, וועט אים אויך נישט איינפאַלן, אז איך האָב געלט ביי מיר... מישטיינס געזאָגט, וועמען מ׳געטרויעט געלט!... נאָר א קאָפּ זיצן, דערנאָך וואַליי!

נאָר די ברעמען פאַלן אים צו ווי בליי.

— נייַן, הייב דיך אויף, שמריה, וסטאַוויי! — קאָמאַנדירט ער מיט זיך.

קאָמאַנדירן קאָן ער נאָך, אָבער אויספירן נישט. ער קען זיך נישט רירן. אים דאַכט זיך דאָך, אז ער גייט, אז ער גייט אַלע מאָל שטאַרקער! אָט זעט ער שוין אַלע הייזלעך... דאָ וווינט אַנטעק, דאָרט באַזילי; ער קען זיי אַלע, ער דינגט ביי זיי פורן... צום ייד איז נאָך ווייט. נאָר גלייכער צום ייד... מ׳טרעפט דאָרט אמאָל מזומן.. און אים דאַכט זיך, אז ער גייט צום יידס הייזל; נאָר עס רוקט זיך אָפּ אַלע מאָל ווייטער, ווייטער... מן־הסתם דאַרף אַזוי זיין... עס ברענט דאָך א פריילעך פייערל אויפן קוימען, דאָס גאַנצע פענצטערל איז לוסטיק און רויט, די גראָבע מירל שוימט אוודאי א גרויסן טאָפּ קאַרטאָפל, און זי איז אים שטענדיק מכבד מיט א קאַרטאָפל; א פאַרגעניגן א הייסע קאַרטאָפל! און ער רוקט זיך ווייטער. אַזוי דאַכט זיך אים, אָבוואָל ער זיצט אויף איין אָרט.

דער פראָסט האָט אביסל נעלאָזט. עס הייבן אָן פאַלן ברייטע, דיקע פלאַכעס שניי.

אים איז, אפנים, אויך וואַרעמער געוואָרן אין דער שניי־קאַפּאָטע. און עס דאַכט זיך אים, אז ער איז שוין ביים ייד אין שטוב. מירל זייערט די קאַרטאָפל, ער הערט ווי דאָס וואַסער גיסט זיך, זיור, זיור, זיור, און אַזוי גיסט זיך פון זיין לאַסטיקענער קאַפּאָטע אויך. יונה גייט אַרום און זינגט אונטער דער נאָז; זיין שטייגער איז צו זינגען נאָך מעריב, ווייל דעמאָלט איז ער הונגעריק, און מאַכט אַלע מאָל: „נו, מירל!"

נאָר מירל יאָגט זיך נישט: „וואָלנער טוט זיך בעסער!"

— צי שלאָף איך און עס חלומט זיך מיר? — ווערט ער ראַפּטום פריילעך־דערשראָקן. עס דאַכט זיך אים, אז עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין זיין עלטערער זון... חנה! חנה! אָ! ער דערקענט אים! וואָס

טוט ער דאָ? נאָר חנה דערקענט אים נישט, און ער מאַכט זיך נישט וויסנדיק... כאַ, כאַ, כאַ! ער דערציילט יונהן, אַז ער פּאָרט צום טאַטן, ער האָט דעם טאַטן נישט פאַרגעסן! און יונה ממזר זאָגט אים נישט, אַז דער טאַטע זיצט אויפן באַנק־בעטל!... מירל האָט צו טון: זי איז פאַר־נומען ביי די קאַרטאָפל, זי וועט נישט מפסיק זיין; זי שמייכלט נאָר, זי רייבט די קאַרטאָפל מיטן גרויסן הילצערנעם לעפל און שמייכלט!

— אָ! חנה מוז זיין רייך, גאָר רייך! אַלץ איז אויף אים גאַנץ, און אַ קייט... אפשר טאָמביק? ניין, אוודאי גאָלד! חנה וועט נישט טראָגן קיין טאָמביקענע קייט, ח״ו... כאַ! כאַ! כאַ! — ער גיט אַ קוק אויפן פּיע־קאַליק... כאַ! כאַ! — ער פּלאַצט שיער פאַר געלעכטער. יעקל, בערל, זכריה... אַלע דריי... כאַ! כאַ! זיי האָבן זיך באַהאַלטן אויפן פּיעקאַ־ליק, דאָס איז גנבים! כאַ! כאַ! אַ שאָד שפּרינצע, אַ שאָד! זי זאָל כאָטש אויך האָבן דאָס נחת! דערווייל באַשטעלט חנה צוויי געַנדז. „חנה! חנה! דערקענסט מיך נישט? א י ך בין עס!...‟ און אים דאַכט זיך, אַז ער צעקושט זיך מיט חנהן...

— הערסטו, חנה, אַ שאָד די מאַמען, זי זאָל דיך זען!... יעקל, בערל, זכריה, אַראָפּ פון פּיעקאַליק! איך האָב אייך באַלד דערקענט! קומט אַראָפּ, איך האָב געוווסט, אַז איר וועט קומען! אַ והאַ־ראיה, איך האָב מיטגעבראַכט קעז, אמתן שאָפענעם קעז! זעט נאָר, קומט, קינדער, איר האָט דאָך עפּעס ליב זעלנעריש ברויט! וואָס? אפשר נישט? אמת, אַ שאָד די מאַמע!

און עס דאַכט זיך אים, אַז אַלע פיר קינדער האָבן אים אַרומ־גערינגלט און האַלטן אים אין קושן און דריקן זיך צו אים צו.

— נאָר וואָלנע, קינדערלעך! וואָלנע, דריקט מיך נישט צו שטאַרק! איך בין שוין נישט קיין יונגערמאַן, איך בין אַן אַכציקער!... וואָלנע, איר דושעט מיך, וואָלנע, קינדערלעך... אַלטע ביינער! וואָלנע, איך האָב געלט אין קעשענע! מיר, ב״ה, געטרויעט מען געלט!... גענוג, קינדער־לעך, גענוג!...

און עס איז געווען גענוג... ער איז געבליבן פאַרשטאַרט מיט דער האַנט אויף דער בוזעם־קעשענע. —

---